שלמה געלטנער

# מיינע יונגע און גרינע יארן

אויטאָביאָגראַפישע עפּיזאָדן
(פון 1909 ביז 1912)
אין זיבן קאַפּיטלען



רעדאַגירט און צוגעגרייט צום דרוק פון משה גלאַזער
לאָס אַנגעלעס, קאַליפ.



פאַרלאַג — געלטנער
אַרמאַדאַ, מישיגען
1956

# *"Meine Yunge un Greene Yorn"*

# MY YOUNG AND GREEN YEARS

*by* SAM GELTNER

AUTOBIOGRAPHIC EPISODES
(from 1909 to 1912)



*Edited by*
MOISHE GLASER
LOS ANGELES, CALIF.

*Published by*
SAM GELTNER
ARMADA, MICHIGAN



ATLAS TYPESETTING CO
406 S. Main St., L. A.

Printed in U.S.A.

Printed by
A. & G. PRESS, INC.



אין מיין ערשטן „סוט" וואָס מיין פעטער שיע האָט מיר געקויפט
פאַר מיין פעטער פיניעס געלט.

# DEDICATION

## *to Rose, Betty, and Gerson*

IN MY EARLY YOUTH I left my birthplace, the village Touteres in Boukovina. All through the many years of living in a large city I longed for a Touteres —an American Touteres.

At last in 1936 I bought a farm in Armada, Michigan, forty miles from Detroit. Gradually, I grew accustomed again to the country life I had known years before. For the past ten years the farm has been a cherished permanent home for my wife and me.

For her help to me in fulfilling my lifelong dream my deep thanks and affection go to my wife Rose, for whom our farm is named: ROSE-HAVEN ORCHARD.

To her, and to our children, Betty and Gerson, this book is dedicated.

SAM

# אַ מתנה...

## מיין פרוי ר אָ ו ז ע

און אונדזערע קינדער

## ב ע ט י און ג ר ש ו ן

דעם גרעסטן טייל פון מיין לעבן האָב איך פאַרבראַכט אין דעטראָיט מיט מיין פרוי ר אָ ו ז ע און אונדזערע קינדער, ב ע ט י און ג ר ש ו ן, צו וועמען איך ווידמע די קאַפּיטלעך פון מיין בוך.

אין מיין גאָר פריעסטער יוגנט האָב איך פאַרלאָזט מיין היים. די נאַטור־שיינע ט ו י ט ע ר י ס, מיין געבורטס־דערפל, האָב איך אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

אין די אַלע יאָרן וואָס איך האָב געוואוינט אין שטאָט, האָט זיך מיר געבענקט נאָך אַ טויטעריס — אַן אַמעריקאַנער טויטעריס.

האָב איך נאָך אין 1936 זיך געקויפט אַ פאַרם ניט ווייט פון דעטראָיט און ביסלעכוויז זיך גענומען צוגעוואוינען צוריק צום דאָרפ'ס לעבן.

פאַר די לעצטע צען יאָר איז די פ אַ ר ם געוואָרן מיין שטענדיקע היים.

מיט טיפער ליבע דאַנק איך דיר, ראָוזע, פאַר מיטגיין מיט מיר וואו מיין לעבנס חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, וואָס טראָגט דעם נאָמען: **ראָוז־הייווען אָרטשאַרד.**

ס ע ם

# אַ פּאָר ווערטער:

ווען עס קומט דער ווינטער, און די אויפדערנאַכטן פאַנגען אָן ווערן לאַנג — איבערהויפּט ביים פאַרמער, ביי וועמען דער אָוונט פאַנגט זיך אָן מיטן טונקל ווערן, האָב איך גענומען זוכן פאַר זיך וועגן און מיטלען ווי אַזוי צו פאַרטרייבן די נודנע צייט און ניט ווערן קיין שטענ־דיקער שקלאַף צום טעלעוויזשאַן.

ניט אַלע מאָל קאָן מען אָבער געפינען פאַר זיך דעם אויסוועג ביז עס קומט אַ שטויס פון ערגעץ; איז דער שטויס געקומען פון מיין פריינט משה גלאַזער — אַ יוגנט־פריינט נאָך פון די גרינע יאָרן...

משה וואוינט שוין אין לאָס אַנדזשעלעס איבער פינף־און־צוואַנציק יאָר. אָבער די ווייטקייט פון מישיגען צו קאַליפאָרניע האָט אונדזער נאָענטקייט קיינמאָל ניט איבערגעריסן. און ווען משה האָט מיך מיט צוויי יאָר צוריק געוואָרנט אין זיינעם אַ בריוו צו מיר, אַז אויב איך וועל אים ניט שרייבן אָפטער און אַביסל מער — וועל איך נאָך פאַרגעסן דאָס ביסל יידיש וואָס איך האָב געקאָנט — האָב איך זיך גענומען צו דער פען, ניט חלילה מיטן געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ בוך, נאָר מיטן געדאַנק: — ווי איך האָב געזאָגט מיין פרוי ראָזי — איך וועל אים פון איצט אָן און ווייטער שרייבן יעדן טאָג אַ קאָלום, רעאַגירן אויף טאָג־פראַגן, ביז משה וועט מיד ווערן לייענענדיק.

משה אָבער, האָט אויסגעקוקט, איז ניט מיד געוואָרן צו לייענען און פלעגט מיר מיינע „קאָלומס" צוריקשיקן מיט גאַנץ בייסיקע באַ־מערקונגען און אָנמערקונגען...

ווען מען שרייבט, ווייזט אויס, שרייבט מען זיך אויס ניט נאָר די האַנט, נאָר די געדאַנקען אויך. האָב איך עפּעס אונטער אַ געוויסער שטימונג אָנגעשריבן אַ טייל פון דעם, וואָס ווערט דער אַריינפיר צו מיין בוך „מיינע יונגע און גרינע יאָרן" אונטער דעם קעפּל: — „באַלד 45 יאָר."

אַט דאָס אַרטיקל האָט מיר שוין משה ניט צוריקגעשיקט, נאָר אין אַ לענגערן בריוו מיר ב אַ פ ו י ל ן ממש אָנצוגייען ווייטער מיט ערינערונגען־עפּיזאָדן פון מיין לעבן.

מיט מיינע אָרימע כוחות, ווייניק שרייבערישע קענטעניש, האָב איך אָנגעהויבן ווייטער ציען דעם פאָדים פון מיינע יוגנט זכרונות און משה האָט זיי באַאַרבעט און צוגעגרייט צום דרוק.

משה:

שווער איז מיר צו געפינען די פּאַסיקע ווערטער אויסצודריקן דיר דעם ד אַ נ ק פאַר דיין שווערער אַרבעט, וואָס דו האָסט אין מיין בוך אַריינגעלייגט. ווען אפילו איך וואָלט די ווערטער יאָ געהאַט, וואָלט דאָס אויסגעדריקט ניט מיין ווי איינס פּראָצענט פון דעם וואָס איך פיל...

איך וויל בלויז פאַרצייכענען, אַז דאָס איז איינער פון מיינע גליק־לעכסטע טעג, ווען איך שרייב די ווערטער. איך בין זיך אַליין מקנא וואָס איך האָב געהאַט דאָס גליק דיך פאַר אַ לעבנסלאַנגסטיקן חבר צו האָבן.

שלמה געלטנער



אַריינפיר

# באַלד 45 יאָר!

(געשריבן ענדע 1953)





# אַמעריקע!

עס ווערט באַלד פינף און פערציק יאָר זינט איך בין געקומען קיין אַמעריקע.

אַ סך יאָרן — דאָך קוקט דאָס אויס ווי נעכטן.

עס טרעפט אַמאָל, אַז אַ טאָג אָדער אַ נאַכט קוקט אויס ווי אַן אייביקייט, און פינף־און־פערציק יאָר קוקן מיר אויס, ווי עס איז נאָר וואָס געשען.

אָט זע איך די שיף, די צעשראָקענע מענטשן מיט זייערע אָרימע קלימעקלעך־באַגאַזש, שטופּן איינער דעם צווייטן אין דער שיף אַריין, ווי מען וואָלט געוואָלט וואָס שנעלער אַוועקשווימען.

האָט דאָך יעדער איינער איבערגעלאָזט אַ היים! אמת, אַן אָרימע היים, אָבער פאָרט אַ היים.

פילע האָבן דאָך דאָרט געלאָזט פרויען מיט קינדער, אַלטע עלטערן, משפחות גאַנצע, דאָך ווילן אַלע וואָס שנעלער אַוועק; ניט קאָנענדיק און ניט וויסנדיק, וואָס די נייע היים שטעלט מיט זיך פאָר.

דער נאָמען אַ מ ע ר י ק ע האָט אַלעמען פאַרכישופט . . .

* * *

אין דער שיף ווערט מען צוזאַמענגעקוועטשט ווי הערינג אין אַ פעסל, אויף די קורצע שמאָלע בעטלעך — ווען עס געלינגט אַ בעטל צו פאַרכאַפּן — ליגט מען איינגעקאָרטשעט און מען חלומט.

יעדערער טרוימט, יעדער חלומט זייַן אייגענעם גוטן חלום.

עס פאָרן פאַרשידענע מענטשן: דייטשן, רוסן, פּאָליאַקן און אידן.

יעדער האָט פאַרלאָזט זיין היים, וועלכע האָט אויף ווייטער מער ניט געקאָנט זיין היים זיין צוליב איינער אָדער אַנאַנדער אורזאַכע:

איינער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם צאַרסקן רעזשים; אַ צווייטער — צוליב אַ תכלית, פאַר אַ פּאָר פאַרזעסענע מיידלעך. אַ דריי־טער — פּשוט ניט געקאָנט שטילן דעם הונגער אין דער אַלטער היים.

איך האָב די אַלע צרות ניט געהאַט, ווייל ברויט האָבן מיר געהאַט. אמת, טאַקע, ניט מער ווי ברויט, אָבער קיין הונגער האָט מען ניט געליטן. און דאָך האָט דאָס מיך געשטופּט איך זאָל אַנטלויפן...

## די מלמדים

די מלמדים, אָדער לערער, וועלכע פלעגן לערנען מיט אונדז, האָבן געוואוסט, אַז דוד מערדינגער, דער קרעטשמער פון דאָרף, צאָלט דריי־פערטל פון דעם געהאַלט, וואָס זיי קריגן פאַר אַ זמן.

אויך קעסט און אַ וואוינונג פלעגן זיי קריגן ביי דוד מערדינגער אין הויז.

פלעגן זיי לערער אָפּהיטן זיינע קינדער, ישראליקן און פייגעלען, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. קיינמאָל האָט דער לערער אויף זיי קיין געשריי ניט געגעבן אין חדר און קיינמאָל קיין קלאַפּ ניט געגעבן.

אונדזער חדר פלעגט זיין אין אונדזער שולכל. איז יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג, ווען מ'פלעגט אַוועקלייגן דאָס לערנען, האָט אַנאַנדער ייִנגל באַדאַרפט אויפראַמען די שול אויף שבת.

אַלע ייִנגלעך פון חדר האָבן דאָס געטאָן. ישראליק אָבער, דוד מערדינגערס ייִנגל, האָט דאָס קיינמאָל ניט געטאָן.

ישראליק איז געווען אין מיינע יאָרן און מיר פלעגן זיך שטענדיק שפּילן נאָכן לערנען.

דעם לערערס באַנעמונג אָבער צו ישראליקן האָט מיך געמאַכט פילן, אַז ס ר אָ ל ע ק איז אַ נגידס אַ זונדל און איך — דעם אָרימען גרשון־מילנערס אַ קינד.

## דער פּריץ

מיין טאַטע האָט געהאַט אַ קליין וואַסער־מילכל, וואָס ער פלעגט דינגען ביים פּריץ.

אַ גאַנץ יאָר איז מיין טאַטע אַרומגעגאַנגען אין איין שרעק, אַז עמיצער זאָל אים ניט אויסדינגען ביים פּריץ דאָס מילכל.

דעם איינציקן רואיקן טאָג וואָס ער האָט יאָ געהאַט, איז געווען דער טאָג, ווען ער פלעגט קומען פון פּריץ מיט אַ נייעם קאָנטראַקט אויף

דעם מילכל פאַר נאָך אַ יאָר. אָבער באַלד האָט ער זיך גענומען זאָרגן פאַרן קומענדן יאָר.

און אַזוי האָט ער געלעבט פון יאָר צו יאָר אין איין מורא און אין איין שרעק, אַז ער זאָל דאָס שטיקל ברויט ניט פאַרלירן.

אַז דער פּריץ פלעגט אַמאָל פאַרבייפאָרן אונדזער שטוב, אָדער פאַרביי זיין מילעכל, פלעגט מיין טאַטע אַרויסלויפן אַ דערשראָקענער, אַראָפּכאַפּן דאָס היטל פון קאָפּ, זיך איינבויגן אין דרייען און אַ קוש געבן דעם פּריץ אויף זיין האַנט.

דער פּריץ איז געווען אַ קליין קאַרליקל. מיין טאַטע איז געווען אַ הויכער איד. ער האָט אָבער אָנגענומען פאַר ליב דאָס קושן דעם פּריצ׳ס קליין הענטעלע.

איך אָבער, ווען איך פלעג דאָס דערזען, ווי מיין טאַטע בויגט זיך אין דרייען, כמעט ביז דער ערד, מיט די ליפּן אָנצצורירן דעם פּריצ׳ס האַנט, פלעג איך אַ דערציטערטער ווערן...

# בוקן

בוקן האָט מען זיך געבוקט אין דער אַלטער היים, ניט נאָר פאַרן גויאישן פּריץ, נאָר אויך פאַרן אידישן — פאַרן נגיד, פאַרן עושר און פאַרן שיינעם בעל־הבית.

פון צופיל בוקעניש זיינען אַרימעלייט אַרומגעגאַנגען מיט גע־בויגענע פּלייצעס...

# אַ גוט שבת

**פיר נגידים, שיינע אידן, שטאָט בעלי־בתים,** האָבן זיך געפונען צווישן די פּופּצן יידישע משפחות, וואָס האָבן געוואוינט אין דערפל.

דאָרטן האָט מען זיך קיינמאָל ניט געשטעלט אין קליינעם שולכל

וואָס אונדזער דערפֿל האָט פֿאַרמאָגט, ביז די פֿיר נגידים זיינען געקומען. ניט צוליב מנין האָט מען געוואַרט אויף זיי, נאָר צוליב זייער נגידע־שאַפֿט, שטאָט באַלעבאַטישקייט.

שבת, ווען זיי פֿלעגן אַריינקומען אין שול מיט די טליתים, מיט זילבערנע ברייטע עטרות אויף די אַקסלען און מאַרשירן צו מזרח־וואַנט מיט געהויבענע קעפּ, ווי גענעראַלן אין פֿראַנץ־יאָזעפֿ'ס אַרמיי, פֿלעגט ווערן שטיל אין שולכל. די קבצנישע אידן, די מיט די צעשראָקענע אויגן און געבויגענע רוקנס, האָבן ממש ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ערשט ווען די שיינע יידן האָבן זיך איינגעהילט אין די טליתים, זיך באַזעצט אויף זייערע „שטעט" און געגעבן אַ וואונק, האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען.

אַז ס'איז געקומען צו עליות, האָבן ווידער די שיינע באַלעבאַטים אַריינגעקראָגן די שיינע עליות; ווען ניט ווען האָט אויך אַ קבצן, אַ בעל־יחוס, אַריינגעכאַפּט אַ נישקשהדיקע עליה.

אָבער די אידן וועמענס פֿאַרמעגן איז באַשטאַנען בלויז פֿון אַן איינגעבויגענער פּלייצע מיט אַ ליידיקן מאָגן, האָט אפֿילו צו קיין ניש־קשהדיקער עליה קיינמאָל ניט זוכה געווען.

און ווען מ'איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען און מ'האָט אָנגע־פֿאַנגען זיך ווינטשן „גוט־שבת", האָבן די שוואַכערע, די אָרימערע, מער גוט שבתן געוואונטשעוועט.

פֿון די שיינע פֿיר באַלעבאַטים האָט מען קאָם געקאָנט הערן „גוט שבת"— גלייך ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אַז זייער גוט־שבת זאָל חלילה ביי די קבצנים ניט מקוים ווערן.

איך האָב ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן דעם נגידישן גוט־שבת. איך האָב ניט געקאָנט בוקן זיך און קושן דעם פּריצ'ס האַנט. איך האָב אויך נישט געקענט פֿאַרגעסן די האַנדלונג פֿון די לערער...

האָב איך קוים צו דרייצן און אַ האַלב יאָר פֿאַרלאָזט די אַלטע היים און אַוועקגעשוואומען אין כישוף־לאַנד: אַ מ ע ר י ק ע !



## קאַפּיטל צוויי

# פּרנסות

(פון זייט 17 ביז זייט 30)

- פּרנסה
- מלאכה
- גאָט
- עקשנות
- אַ שלאָסער
- אַ מוזיניק
- זאַלישטשיק
- אויפן וואָגן
- אַ בריק
- ניט מיט אַלעמען
- מיין פעטער לייזער בער
- ביי לייטן

- ערגער
- טאַפּעצירער (אָפּהאָלסטערער)
- אַ פּלאַן
- צום אַמט
- מאַרק-טאָג
- דאָס קעלבל
- די ראַגאַטקע
- גרייצער
- אויפן שטרוז
- דער יאַריד
- אַן אָפענער סוד
- אַ היים
- ניט אַראָפּגעפאַלן

## פ ר נ ס ה

אין דער אַלטער היים האָט מען גענומען זאָרגן וועגן פּרנסה, ווען מ׳איז נאָך געווען זייער יונג . . .

* * *

באַלד נאָך מיין בר־מצוה האָט זיך גענומען רודערן ביי אונדז אין שטוב.

איך האָב דערפילט אַז איך בין שוין מער ניט קיין קינד!

איך טראָג שוין אויף מיינע אייגענע פּלייצעס דאָס שווערע בינטל תרי״ג מצוות — איז צייט צו שלעפּן אויף זיך דעם יאָך פון פּרנסה אויך.

קיין גרויסער אויסוואַל פון פּרנסות איז ביי אונדז אין דערפל ניט געווען.

געוויינטלעך, פלעגט אַ יינגל אין מיינע יאָרן נעמען אַ קויש אויף דער האַנט און אָנהויבן גיין איבערן דאָרף צו די גויים, אויפקויפן וואָס עס האָט זיך געמאַכט... דער הויפּט אַרטיקל איז געווען אייער.

צוויי אַזעלכע יונגע אויפקויפער—סוחרימלעך האָט מען זיי גע־רופן—זיינען געווען אין דערפל. איז אָנגעגאַנגען צווישן זיי אַן אייביקע קאָנקורענץ. מ׳האָט זיך געהאַלטן אין איין קריגן און שעלטן, און אָפּט מאָל איז שיער נישט געקומען צו פּעטש.

אָט־אָ־די צוויי סוחרימלעך האָבן אָוועקגענומען ביי מיר דעם גאַנצן חשק אַ „סוחר״ צו ווערן.

## מ ל א כ ה

מיין טאַטע האָט דאָס גענומען ניט שלעכט, ווען איך האָב געזאָגט אַז איך וויל זיך לערנען אַ מלאכה. ניט מיין, אַזוי ווי צו לערנען זיך אַ מלאכה האָט מען זיך באַדאַרפט אָוועקלאָזן אין דער פרעמד... האָט ער געטענהט:

— וואָס איז דאָס אייליניש? אַברהם איז עלטער פון דיר מיט גאַנצע דריי יאָר— דאָס האָט ער געמיינט מיין עלטערן ברודער— און

איז נאָך דערוווייל אין דר'יים ... העלפט מיר אַרויס אַביסל אין דער מיל. וואָס־זשע איז דאָס איילעניש מיט דיר? ביזט דאָך ערשט אַרויס פון חדר!

מיין מאַמע אָבער, ווען זי האָט דערהערט דאָס וואָרט „מלאכה״ איז זי אַ פאַרציטערטע געוואָרן:

—מיין קינד אַ בעל־מלאכה ?! אין אונדזער משפחה זיינען נישטאָ קיין בעל־מלאכה'ס ...

ווען מיין מאַמע האָט געזאָגט: „אונדזער משפחה״, האָט זי געמיינט בלויז איר משפחה, די משפחה פון איר זייט. ווייל מיין טאַטנס משפחה האָט זי שוין אין חשבון ניט גענומען אַריינגענומען. צוויי יינגערע ברידער זיינע, זיינען געווען קירזשנער. קיין פאַראיבל פאַרן „פאַר־שעמען״ די משפחה האָט מען צו זיין ניט געקענט האָבן — זיי זיינען נעבעך געווען יתומים ...

אירע דריי ברידער אָבער, און אירע פיר שוואָגערס, די מענער פון אירע שוועסטער, זיינען אַלע געווען סוחרים. אמת, ניט קיין גרויסע סוחרים, נאָר ווי מע פלעגט זאָגן: באַלעבאַטישע אַרימעלייט.

— אין אונדזער משפחה, גאָט־זיי־דאַנק, האָבן אַלע פרנסה פון סוחרעריי; נישט רייך, אָבער פרנסה, גאָט־צו־דאַנק, האָבן אַלע.

— ווער אַ סוחר, שלמהלע, און גאָט וועט דיר העלפן ...

## גאָט

איין גאָט—און אַזוי פיל יידישע סוחרים! זיינען טאַקע אַ סך באַלעבאַטישע יידן געבליבן ניט געהאָלפן ...

## עקשנות

מיין מאַמען איז ניט געגאַנגען אין עקשנות. זי האָט פשוט ניט געקאָנט זען, אַז איר קינד זאָל ווערן אַ בעל־מלאכה.

מיר אָבער איז שוין יאָ געגאַנגען אין עקשנות, פונקט ווי ביי אַ סך קינדער, ווען עלטערן שטעלן זיך צופיל דאַגעגן זייער ווילן.

פונקט ווי מיין מאַמע פלעגט ווערן אַן אויפגעציטערטע, ווען זי

האָט דערהערט דאָס וואָרט „מלאכה״, אַזוי פלעג איך ווערן אַן אויפגע־קאָכטער ווען איך האָב דערהערט דאָס וואָרט „סוחר״.

— איך וועל מיט קיין קויש איבער די הייזער ניט גיין! — פלעג איך אויסשרייען.

— איך וועל קיין סוחר ניט ווערן.

— איך וויל ווערן אַ בעל־מלאכה!

## אַ שלאָסער

שלאָסעריי איז טאַקע אויך אַ מלאכה, אָבער ניט פון די גאָר פּראָסטע מלאכות, ווי אַ שטייגער: שניידעריי אָדער שוסטעריי. צו די פּראָסטע מלאכות האָב איך אַליין אויך קיין שטאַרקן חשק ניט געהאַט.

צו די שווערע מלאכות — אַ סטאָליער אָדער אַ שמיד צו ווערן — אויף דעם וואָלטן מיינע כוחות ניט געטראָגן.

איך בין געווען ביי מיין מאַמען „אַ שוואַכינקער״ פון דער נאַטור. כמעט יעדע וואָך פלעגט זי מיר לעשן קוילן. אַ גויע פון דאָרף פלעגט קומען מיר גיסן וואַקס.

קיין צרות האָט מיין מאַמען פון מיר ניט געפעלט. אַלעמאָל האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר אַנאַנדער קרענק. דערצו בין איך געווען אַ מוזיניקל פאַר ניין יאָר.

## אַ מוזיניק

אַ מוזיניק ביי יידישע עלטערן אין דער אַלטער היים האָט זיך גע־פילט אַזוי באַקוועם ווי דאָ אין אַמעריקע. אַ זון, וועלכער קריגט דעם טיטול „דאָקטאָר.״

## זאַלישטשיק

איז דער נאָמען פון דער שטאָט, וואוהין מע פלעגט פאָרן איינ־קויפן. האָב איך געפועלט ביי מיין מאַמען, אַז ווען זי וועט פאָרן אין

שטאָט, זאָל זי מיך מיטנעמען — זיך דורכריידן מיטן שלאָסער.
מיין מאַמע האָט אָפּגעלייגט דאָס פאָרן אין שטאָט אַריין, אַזוי לאַנג ווי זי האָט געקאָנט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן אָבער, זאָגט זי מיר:— שלמהלע, מיר פאָרן היינט אין שטאָט...

## אויפן וואָגן

ווי נאָר מיר זיינען אַרויף אויפן וואָגן און דער גוי האָט אַ טרייב געטאָן דאָס פערדל, האָט מיין מאַמע אָנגעפאַנגען מיך באַוויינען:
— גיי האָדעווע קינדער... פאַר וועמען ? . . .
האָט גענומען מיך טוליען צו זיך, פונקט ווי זי פלעגט מיך טוליען, ווען איך בין נאָך אַ מוזיניקל געווען און זי פלעגט אין חדר מיך פירן. האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן און געהאַלטן אין איין פרעגן:— שלמהלע, ס'איז דיר ניט קאַלט? דעק זיך איין!
ווען איך וואָלט ניט געווען געוואָלט מאַכן דעם אָנשטעל און מאַכן מיין מאַמען גלויבן, אַז איך בין שוין אַ גרויסער בחור... האָב איך גראָדע געפילט ווי צו זאָגן:
מאַמע, טוליע מיך שטאַרקער צו זיך.
— מאַמע, לאָז מיך ניט אָפּ.
— מאַמע, איך וועל שטאַרק בענקען נאָך דיר.

## אַ בריק

אַ בריק, איבער אַ שמאָלן פאַס וואַסער, האָט פאַראייניקט די אָרים, ביי־זיך־געפאַלענע־גאַליציע, מיט דער אַריסטאָקראַטישער, ביי־זיך־געהויבענער בוקאָווינע.
אָפּגעגרעניצט האָט בוקאָווינע פון גאַליציע אַ פאַס וואַסער, וועלכן מ'האָט גערופן (ד)נעסטער.
אָט־דאָס ביסל וואַסער האָט מיך „געראַטעוועט" פון צו זיין אַ גאַליציאַנער...

# ניט מיט אַלעמען

ווי נאָר מיר זיינען אַרויפגעפאָרן אויף דער בריק האָט די מאַמע זיך גענומען אויסווישן די אויגן און מיך גענומען אַרויסצופלאָנטערן פון די צודעקעכצן... און בשעת מעשה, מיך טאַקע אַ פרעג געטאָן, ווי איך פיל. ווייזט אויס, אַז אין אירע אויגן האָב איך אויסגעקוקט עפעס ניט מיט אַלעמען...

## מיין פעטער לייזער בער

איך האָב געהאַט אַ פעטער, מיין מאַמעס עלצטער ברודער, האָט ער געהייסן לייזער בער.

אויף איין אויג איז ער געווען אַביסעלע בלינד. דער קאָפּ איז ביי אים געווען גלאַטיק — סאַמע שטערן. אַ באָרד אָבער האָט ער געהאַט זייער אַ שיינע און מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ יידן אַ חכם. מע פלעגט זאָגן:—

לייזער בער? אַ באַלעבאַטישער אָרימער סוחר, אָבער אַ ייד אַ חכם.

איז ער טאַקע געווען פאַררעכנט פאַרן קאָפּ פון דער משפחה, מיט וועמען מ'איז געגאַנגען זיך האַלטן אַן עצה, סיי וועגן אַ שידוך און סיי וועגן אַ געשעפט. האָט ער גע'עצהט אויף „יאָ", האָט ניט געקאָנט שוין זיין „ניין"; האָט ער גע'עצהט אויף „ניין"—איז געבליבן „ניין"!

מיין פעטער לייזער־בער'ס „יאָ" אָדער „ניין" איז ביי דער משפחה פאַררעכנט געוואָרן כמעט ווי אַ דין.

* * *

— לייזער בער! — האָט מיין מאַמע פּלוצים אַ רוף געטאָן, ווערנד מיר זיינען נאָך געפאָרן. — געהייסן דעם גוי אָפּשטעלן דאָס פערד און גלייך גענומען אַרונטערקריכן פון וואָגן.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט מיין פעטער, צוקומענדיק נעענטער צום וואָגן, זי אַ פרעג געטאָן.

— וואָס פרעגסטו? — האָט מיין מאַמע אים אָפּגעענטפערט.

— וואָס פּרעגסטו, ברודער מיינער, וואָס פאַר אַן אומגליק עס האָט מיך געטראָפן! — פאַנגט מיין מאַמע אָן מיט אַ זיפצנדיק ציטעריק קול.

דאָס שלעכטע אויג, דעם פעטערס, האָט גענומען פינטלען פון אומ־געדולט, און דאָס גוטע האָט געפרעגט: — וואָס? וואָס האָט געטראָפן?

— דו קענסט דאָך מיין זינדעלע, מיין קינד שלמהלע, אָט זיצט ער אויפן וואָגן — האָט זי אָנגעוויזן אויף מיר — איז אַריין אין אים, ניט פאַר דיר ריידענדיק, אַ מאַנקאָליע: ע ר  ו י ל  ו ו ע ר ן  אַ  ש ל אָ ס ע ר!

ביי די ווערטער האָט זיך מיין פעטערס פּנים אינגאַנצן געביטן. דאָס גוטע אויג האָט זיך ביי אים געגעבן אַ ציגד־אָן... און מ׳האָט געקענט זען דאָס פייער פון ביידע אויגן אין איין אויג . . .

די באָרד זיינע, וואָס האָט שטענדיק אויסגעקוקט אַזוי שיין און גוט, ווי די געטלעכע באָרד פון משה רבינו, אָדער אַהרן הכהן — איז מיטאַמאָל געוואָרן אַנאַנדער באָרד. . . און ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן צו מיין מאַמען: — קריינדל, נעם אים אַהיים! ער וועט קיין שלאָסער ניט ווערן! — האָט זיך די באָרד זיינע צענומען אויף צווייען; איז אים געקומען צוהילף, ווי זי וואָלט גערעדט:

— שלמה, דער פעטער לייזער־בער מאַכט ניט קיין שפּאָס; ער מיינט וואָס ער זאָגט!

* * *

מיין מאַמע האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז זי דאַרף איינקויפן. איז אַרויפגעקראָכן צוריק אויפן וואָגן און געהייסן דעם גוי אויסדרייען און פאָרן אַהיים . . .

## ביי לייטן

עס איז ווידער געוואָרן לעבעדיק אין שטוב . . . איך האָב ווידער אָנגעפאַנגען הערן באַקאַנטע ווערטער:

— ביי לייטן קינדער טוען אַזוי. . .

— וואָס טוט זיך דאָ? וואָס ברענסטו אַ וועלט?

— ערשט פון חדר אַרויס, נאָר וואָס בר־מצוה געוואָרן און ער קערט שוין וועלטן!

פונקען האָבן געגומען פליען פון מײַנע אויגן ווען איך פלעג די ווערטער דערהערן. און הערן פלעג איך זיי כמעט יעדן טאָג, אַמאָל פון טאַטן און אַמאָל פון דער מאַמען. און ניט נאָר האָבן די ווערטער מיך געריצט און געהעצט. זיי פלעגן אויך אַרויסברענגען אַ מחלוקת צווישן טאַטן און מאַמען. ווי נאָר מײַן טאַטע האָט אַרויסגערעדט אַ שלעכט וואָרט צו מיר, פלעגט די מאַמע באַלד אונטערשפּרינגען מיט איר טענה צו אים: —„וואָס ווילסטו פון אים? ער איז דאָך פאָרט נאָך אַ קינד!"

## ערגער

„ער ווערט פון טאָג צו טאָג ערגער"— אָט־די ווערטער האָבן זיך געהערט פון יעדנס מויל. און איך בין טאַקע ערגער געוואָרן.

אַ חורבן פלעג איך אָנמאַכן אין שטוב, ווען איך פלעג דאַרפן אַרויפשלעפּן מײַן ברודערס אָפּגעריבענע הויזן אָדער די צעדרייטע שטיוול זײַנע, וואָס ביים אָנטאָן זײַנען זיי קוים אַרויף—און ביים אויס־טאָן האָב איך שיער די פּיס פאַרלוירן.

אַלעס האָט מיך אָנגעהויבן ערגערן:

— האָסט שוין געדאַוונט?

— האָסט זיך שוין געוואַשן?

## אַ טאַפּעצירער

איך וויל ווערן אַ טאַפּעצירער!

— אַ טאַפּעצירער?—האָבן מײַן מאַמעס פייכטע אויגן געפרעגט.—קיין טענות אָבער וועגן טאַפּעצירערײַ זײַנען שוין נישט געווען. עס איז בלויז געבליבן, אַז ווען דער טאַפּעצירער וועט זיך יאָווען אין דאָרף צום פּריץ, זאָל מען זיך מיט אים דורכריידן.

* * *

— טויזנט גולדען—אויסגעבונדענע טויזענט גולדען—האָט מײַן

טאַטע איבערגעחזרט אַ פּאָר מאָל, נאָכדעם ווי ער האָט זיך מיטן טאַפּע־צירער דורכגערעדט.

דריי יאָר האָב איך געדאַרפט זיין אויף דער לערע.

דריי הונדערט גולדען אַ יאָר, האָט ער זיך געהייסן צוצאָלן.— און מיט אַזאַ פאַרמעגן האָט מען זיך נישט געוואָרפן...

## אַ פּ ל אַ ן

— שלמה — פאַנגט מיין טאַטע אָן צו ריידן צו מיר שוין אַביסעלע מילדער. — אפשר... אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז דו מיט אַברהמען זאָלן קויפן עפּעס אַ בהמה, זי אַרויסנעמען אויפן מאַרק, און מיט גאָטס הילף וועט איר עפּעס פאַרדינען...

## צ ו ם  אַ מ ט

דער טאַטע האָט אונדז אויסגעציילט עטלעכע גולדן. די מאַמע האָט אונדז איר ברכה געגעבן... און אויפן צווייטן טאָג, נאָכדעם ווי איך מיט מיין ברודער האָבן מיין טאַטנס פּלאַן אָנגענומען, זיינען מיר צוגעגאַנגען צום רעגירונגס אַמט אין דאָרף, וואו די פויערים האָבן געמוזט קומען קויפן אַ צעטל, אויב זיי האָבן געהאַט אַ בהמה צו פאַרקויפן.

כאָטש דער טאַטע האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר זאָלן זיך ניט איילן, האָט אונדז אָבער גענומען ניט לאַנג און מיר האָבן זיך איינגעהאַנדלט אַ ב ה מ ה — אַ קעלבל.

גאָר פריילעכע זיינען מיר געקומען אַהיים מיט אונדזער בהמהלע...

דער טאַטע האָט דאָס באַטראַכט פון אַלע זייטן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: — „גוט געקויפט". די מאַמע האָט גאָר אָנגעקוואָלן און נביאות געזאָגט: —„איר וועט נאָך ווערן גרויסע סוחרים, מיט גאָטס הילף"...

# מאַרק־טאָג

יעדן דינסטאַג פלעגט זיין מאַרק־טאָג אין זאַסטאָווגע — אַ שטעטעלע ניט ווייט פון אונדז.

גוים און יידן פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך פלעגן זיך צוזאַמענקומען און שטעלן דעם יאַריד...

יענעם דינסטאָג האָט אונדז די מאַמע אויפגעוועקט אַביסעלע פריער ווי אַלעמאָל. מיר האָבן אָפּגעדאַוונט, אָפּגעגעסן, און ביז מיין מאַמע האָט אונדז צוגעגרייט אַ בינטעלע עסן אויף מיטצוגעבן, האָט מיין ברודער אַברהם דערווייל געכאַפּט אַ קעמל און זיך אַוועקגעשטעלט אויסקעמען און אָפּגלעטן אונדזער קעלבל.

— עס ווערט דאָך אויס „דאָרפס־קעלבל", עס גייט דאָך אויפן מאַרק וואו עס וועלן זיין אַ סך קעלבלעך צום פאַרקויפן, דאַרף דאָס אויסקוקן לייטיש־באַלעבאַטיש...

דער טאַטע מיט דער מאַמען, מיט שיינענדיקע פּנימער באַגלייטן אונדז אַרויס און ווינטשעווען צו, אַז מיר זאָלן גרויסע סוחרים ווערן.

איך, מיין ברודער, און דאָס אויסגעפּוצטע קעלבל, מיט דעם בינטעלע עסנוואַרג, וואָס די מאַמע האָט אונדז מיטגעגעבן, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויפן וועג קיין זאַסטאָווגע.

# דאָס קעלבל

ווייזט אויס, אַז דאָס קעלבל האָט געהאַט מער שכל פון אונדזביידן, די סוחרים. עס האָט ניט געוואָלט גיין, ווי דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט: — גיי ניט אויפן יאַריד, אַ יאַריד איז אַ גיהנם...

אָבער אַז די „סוחרים" האָבן געהייסן גיין, האָט דאָס קעלבל געמוזט גיין, ווייל איינער האָט דאָס געשלעפּטביים שטריק און דער צווייטער האָט דאָס אונטערגעקלאַפּט מיט אַ שטעקעלע, און מיר האָבן זיך אַלעמאָל געביטן: אַביסל האָב איך דאָס קעלבל געשלעפּט ביים שטריק און מיין ברודער האָט דאָס אונטערגעשטאָרכעט מיטן שטעקעלע,

און אַביסל האָב איך גענוצט דאָס שטעקעלע און מיין ברודער האָט דאָס געפירטביים שטריק.

## די ראָגאַטקע

אונטער זאַסטאַוונא איז געווען אַ ראָגאַטקע. האָט מען געדאַרפט באַצאָלן אַ פּאָר „גרייצער" פאַר דער פּריווילעגיע צו געברויכן דאָס שטיקל פאַרבלאָטיקטע וועג, וואָס האָט געפירט קיין זאַסטאַוונא. דאָס שטיקל וועג האָט מען גערופן  ש ט ר ו ז .

## ג ר יי צ ע ר

די פּאָר גרייצער ביי דער ראָגאַטקע, פּונקט ווי די פּאָר גרייצער פאַרן „צעטל" צו מעגן עפּעס פאַרקויפן, האָבן צוגעהאָלפן פראַנץ יאָזעפן אין דער פּרנסה.

## אויפן „שטרוז"

ווען מיר זיינען אַרויף אויפן שטרוז, האָב איך געפירט אונדזער קעלבל ביים שטריק.

דאָ אויפן שטרוז האָבן זיך שוין גענומען ציגן סוחרים. דאָס זיינען געווען יידן, וועלכע האָבן געוואָלט איבערקלוגערן די פּויערים איידער זיי קומען אויפן מאַרק, וואו מע כאַפּט איינער ביים אַנדערן פון די הענט.

באַלד האָט מיך אויך אָפּגעשטעלט אַ קלוגער סוחר און אַ פרעג געטאָן, וויפיל דאָס קעלבל וועגט?

אַזוי ווי קיין וועלט־סוחר בין איך נאָך דאַן ניט געווען, האָב איך אים געזאָגט די אמתע וואָג, ווייל מיר האָבן דאָס קעלבל אָפּגעוואויגן אין מיל, איידער מיר זיינען אַרויס פון דער היים.

און אויף זיין פּראַגע, וויפיל מיר ווילן דערפאַר, האָב איך אים געזאָגט דעם פּרייז, וואָס מיר האָבן אָפּגעמאַכט ביי זיך צו הייסן זיך געבן.

אַז דער קלוגער סוחר האָט דערהערט דעם פּרייז, האָט ער זיך געגעבן אַ צעלאַך, און גענומען מיר זאָגן מוסר:

— ייִנגעלע, ביזט געקומען אויפֿן יאַריד אָפּנאַרן מענטשן? ניט שיין פֿון דיר! — און איז אַנטלאָפֿן.

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין ווייטער, אָבער עס איז זיך שוין ניט געגאַנגען אַזוי לעבעדיק ווי פֿריער. מיינע פֿיס האָבן זיך גענומען שלעפּן און גיין מיט אַזאַ חשק ווי דאָס קעלבל...

## דער יאַריד

אויב עס האָט אַמאָל געפּאַסט אַ וואָרט צו דעם וואָס מ׳רופֿט י אַ ר י ד, איז דאָס וואָרט ווי אָנגעמאָסטן. מ׳קויפֿט, מ׳שרייט, מע גוואַלדעוועט — אַן אמתער יאַריד.

מיין ברודער אברהם, איך און דאָס קעלבל, זיינען אויף קיין יאַריד נאָך קיינמאָל ניט געווען. זיינען מיר געשטאַנען צעשראָקענע און זיך צוגעקוקט ווי די פּויערים און פּויערטעס שלעפּן פֿון די וועגענער, די שטייגן מיט צעשראָקענע הינער, גענדז, קאַטשקעס און גלאַט פֿעלד פּראָ־דוקטן, וואָס זיי האָבן געבראַכט צו פֿאַרקויפֿן — שטעלן און לייגן דאָס אַלעס אויס אויף דער הוילער ערד.

ווער עס בינדט צו שטאַרקער צום וואָגן דאָס פֿערד אָדער די בהמה, אַז זיי זאָלן פֿאַר שרעק פֿונם טומל זיך ניט אָפּרייסן און אַנטלויפֿן צוריק אין דאָרף אַריין.

סוחרים זיינען אַרומגעלאָפֿן ווי די בינען, געפֿרעגט ביי יעדן פּויער דעם פּרייז פֿאַר זיין אַרטיקל, און ווי נאָר זיי האָבן דערהערט דעם פּרייז, האָט איינער געגעבן אַ לאַך, דער צווייטער אַ שעלט און דער דריטער סוחר, אַ שפּיי... און מ׳איז אַוועק.

צו אונדז האָט זיך אויך צוגעשטעלט אַ סוחר און אַ פֿרעג געטאָן: וויפֿיל מיר ווילן פֿאַר אונדזער קעלבל. אָבער נאָך איידער מיין ברודער האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן דעם פּרייז, איז אונטערגעלאָפֿן דער ערשטער סוחר, וועלכער האָט אונדז באַגעגנט אויפֿן „סטרוז״, און אַ געשריי געטאָן:

— יאַנקל, לאָז זיך ניט אָפּנאַרן פֿון די צוויי ייִנגלעך. דאָס קעלבל וועגט אַ סך ווייניקער ווי עס קוקט אויס...

## אַן אָפענער סוד

די וואָג פון אונזער קעלבל איז געוואָרן איין אָפענער סוד.... האָב איך זיך דערפילט ווי אַן אָפּגעשמיסענער. איך האָב דאָך דעם גרויסן סוד פאַר דער וועלט אַרויסגעגעבן.

און עס איז מיר אפילו ניט איינגעגאַנגען דאָס עסן, וואָס מיין מאַמע האָט אונדז מיטגעגעבן אויף אונטערצולעגן די הערצער....

* * *

דער טומל און רעש איז געוואָרן שטאַרקער פון מינוט צו מינוט. די חזירים האָבן געקוויטשעט, די שאָף האָבן געמעקעט און די בהמות האָבן געבריוועט. דאָס קלאַפּן־פּאַטשן אין די הענט האָט אָפּגעהילכט. עס האָט געמיינט, אַ געשעפט איז געמאַכט געוואָרן....

אַ קירזשנער איז געשטאַנען לעבן אונדז, מיט פעלצלעך און קוטשמעס. האָט ער אויך צוגעגעבן אַביסל קאָליר צום יאַריד, מיט זיינע אויסטערלישע קללות, וואָס ער האָט געוואונטשן יעדן גוי, וואָס האָט ניט געקויפט. און אַזוי ווי ער האָט ווייניק־וואָס פאַרקויפט, האָט ער ניט אויפגעהערט שעלטן . . .

* * *

— וויפיל וועט איר אונדז געבן פאַרן קעלבל? — האָט אַברהם אַ פרעג געטאָן דעם ערשטן סוחר אונדזערן, ווען ער האָט זיך נאָכאַמאָל באַוויזן.

— ס'איז קיין סחורה נישט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און גענומען באַטאַפּן דאָס קעלבל פון אַלע זייטן.

— איר מיינט, יינגלעך, אַז אַזוי לייכט ווערט מען אַ סוחר? מע דאַרף זיך לערנען. איר זיינט נאָך יונג. איר וועט טאַקע ווערן סוחרים, אָבער ביים ערשטן מסחר מוז מען באַצאָלן רבי־געלט !...

אָט־די לעקציע האָט ער געהאַלטן פאַר אונדז, איידער ער האָט אַרויסגערעדט וויפיל ער איז וויליק צו באַצאָלן פאַר דאָס וואָס ער רופט: „קיין סחורה נישט."

נאָך אַ דינגענישן מיט אים האָבן מיר באַצאָלט רבי־געלט אַ האַלבן גולדן און אים פאַרקויפט דאָס קעלבל.

## אַהיים...

אויפן וועג אַהיים האָט אברהם מיך און זיך גענומען טרייסטן, אַז אויפן צווייטן מאָל וועלן מיר מאַכן בעסער...

— אפשר וועסטו מאַכן בעסער — האָב איך אים אָפּגעענטפערט — איך וויל ניט זיין קיין סוחר און וויל ניט גיין אויף קיין יאַרידים. איך וויל פאָרן קיין אמעריקע!

— אַבי דו ווילסט — האָט אַברהם געזאָגט. — איך האָב אויך געוואָלט פאָרן, און רייזל, אונדזער עלטערע שוועסטער, האָט נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק גערעדט וועגן פאָרן קיין אַמעריקע. נו, האָט די מאַמע אָנגעהויבן וויינען — איז געוואָרן אויס אַמעריקע. און מיט דיר וועט מסתמא זיין דאָס זעלבע...

## ניט אַראָפּגעפאַלן

דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען גאָרניט געווען אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, ווען זיי האָבן דערהערט אַז מיר האָבן דערלייגט צום געשעפט:

— נישקשה, איר וועט ווערן סוחרים...

— דאָס ערשטע מאָל, אַז מען דערלייגט בלויז אַ האַלבן גולדען איז נישט געפערלעך... — האָבן ביידע אונדז אויסגערעדט דאָס האַרץ.

— איך וועל קיין סוחר נישט זיין! — האָב איך אויף די טרייסטווערטער זייערע געענטפערט. — איך וויל פאָרן קיין אַמעריקע!

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך צעשמייכלט, ווען זיי האָבן דאָס דערהערט. ווי איינער רעדט: זאָל ער זיך ריידן. ער וועט אַזוי פאָרן פונקט ווי רייזל און אברהם זיינען געפאָרן...

— ביי מיר וועט ניט זיין — האָב איך געזאָגט — ווי ביי רייזלען און אַברהם׳ען. איך וויל און וועל פאָרן קיין אַמעריקע.

— וואו וועסטו נעמען אויף „רייזע שפּעזען"? — האָט מיין טאַטע מיך געפרעגט.

— דו וועסט מיר געבן — האָב איך געזאָגט. — דו וועסטו מיר געבן אויף רייזע־שפּעזן, טאַטע, און ווען איך וועל קומען קיין אַמעריקע, וועל איך דיר אָפּשיקן.

— שלאָג דיר אַרויס דאָס נאַרישקייט פון קאָפּ! דו וועסט קיין אַמעריקע ניט פאָרן, ביזט נאָך צו יונג.— האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן מיטן האַרבן וואָרט.

דער טאַטע האָט בלויז אונטערגעהאָלפן: — ניט אויסצוהאַלטן פון אים . . . זינט ער איז אַרויס פון חדר איז נאָך קיין שטילער טאָג אין שטוב נישט געווען!

— אַ שלאָסער, וויל ניט דער פעטער לייזער־בער, אַז איך זאָל ווערן — האָב איך גענומען געבן קולות; — אַ טאַפּעצירער צו ווערן קאָסט צופיל, און קיין סוחר וויל איך ניט זיין, און אין טויטעריס וויל איך ניט בלייבן!

— מיר וועלן שוין זען ווער עס וועט אויספירן — האָט דער טאַטע שוין מיט כעס אַ זאָג געטאָן און איז זיך געגאַנגען וואַשן צום עסן...

— טאַטע! איך וויל פאָרן קיין אַמעריקע.— האָב איך אים נאָכגעשריגן. — און אַז דו וועסט מיר נישט געבן אויף רייזע־שפּעזן וועל איך אונטערצינדן די מיל.

אַ כמאַרע האָט זיך אַרויפגעצויגן אויף אַלעמענס פּנימער, און אַלע ווי איינער, האָבן אַרויסגעיעכצט:

— שלמה, דו ווייסט וואָס דו רעדסט?!

— יאָ! איך ווייס וואָס איך רעד: איך וועל אונטערצינדן די מיל!



## קאַפּיטל דריי

# איך פאַרלאָז מיין היים

**צום אָנדענק מיינע עלטערן ע"ה**



# מיין טאַטע

נאָך מיין אויפבּרויז, אַז איך וועל אונטערצינדן די מיל, האָט געהערשט אַ אָנגעצויגנקייט אין שטוב. איך האָב צו קיינעם ניט גערעדט און קיינעם ניט געזעען. דאָס הייסט, איך האָב זיך געמאַכט ניט זעענדיק, ווייל אונדזער שטוב איז ניט געווען אַזוי גרויס, אַז מען זאָל ניט זען איינער דעם צווייטן. . .

דער רוגז האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר טעג, ביז איך האָב זיך אָנגעטראָפן מיט מיין טאַטן פּנים אל פּנים ביי דער מיל, און ער האָט מיר געהייסן, אַז איך זאָל אים ברענגען אַ פּעקל טוטין.

ווען איך האָב געבראַכט דאָס פּעקל טוטין און עס אים דערלאַנגט, האָב איך ווידער אָנגעפאַנגען:

— טאַטע, גיב מיר אויף הוצאות קיין אַמעריקע. איך וועל דיר דאָס געלט אָפּשיקן.

מיין טאַטע האָט גענומען פאַרדרייען אַ ציגייער, זיינע אויגן אָנגעשטעלט אויף מיר:—ווילסט טאַקע פאָרן קיין אַמעריקע?

— יאָ, טאַטע, איך וויל פאָרן. איך האָב ניט וואָס צו טאָן אין טויטעריס. . .

מיין טאַטע האָט פאַררויכערט זיין ציגייער און אַרויסגעזיפצט:— אַי, דערגייסטו אונדז די יאָרן... ער האָט ווידער פאַרצויגן טיף דעם רויך און צוגעגעבן: — נו, גוט. איך וועל דיר געבן אויף הוצאות!

* * *

דערהערנדיק דעם טאַטנס באַשלוס, בין איך גאָר אַ לעבעדיקער געוואָרן. מיין מאַמע אָבער, האָט באַלד אָנגעהויבן וויינען.

איך בין זיכער, אַז ביי זיך אין האַרצן האָט די מאַמע געטראַכט: — איך וועל אַזוי לאַנג וויינען ביז איך וועל ברעכן שלומהלעס ווילן— פונקט ווי זי האָט גובר געווען דעם ווילן פון מיין שוועסטער רייזל און מיין ברודער אַברהם . . .

איך האָב געקענט אַ מאַן, וועלכער איז געקומען פון אַמעריקע אויף לוסטרייזע צו זיין משפּחה. בין איך צוגעגאַנגען זיך דורכריידן מיט אים.

דער מאַן האָט מיך געראַטן, דאָס ערשטע צו אונטערזוכן מיינע אויגן ביי אַ דאָקטאָר, צי איך האָב ניט קיין טראַכאָמע. ווייל דאָס איז געווען די הויפּט־שטערונג, אין יענער צייט, אַריינצוקומען קיין אַמעריקע.

ווען איך האָב די נייעס געבראַכט אַהיים, האָט מיין מאַמע מיר גלייך געזאָגט:

— מעגסט דאָס דיר אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. מיט דיינע רויטע אויגן וועט מען דיך קיין אַמעריקע סייווי ניט אַריינלאָזן.

דער טאַטע אָבער, ווייזט אויס, האָט שוין געהאַט באַשטימט ביי זיך ניט צו שטערן מיר, און מיר געגעבן אויף הוצאות צו צופאָרן קיין טשערנאָוויץ, די איינציקע שטאָט אין אונדזער געגנט, וואו עס איז געווען אַ גוטער אויגן־דאָקטאָר.

* * *

אַ וואָך צייט האָב איך פאַרבראַכט אין טשערנאָוויץ ביי מיינער אַ מומע, און יעדן טאָג האָב איך באַזוכט דעם אויגן־דאָקטאָר.

קיין טראַכאָמע, האָט מיר דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז איך האָב ניט. נאָר דאָס רויטקייט אין די אויגן, צוליב וועלכעס די מאַמע האָט געהאָפּט אַז מ׳וועט מיך קיין אַמעריקע ניט אַריינלאָזן, האָט ער מיט די טראָפּן, וואָס ער פלעגט מיר אַריינלאָזן אין די אויגן יעדן טאָג—אָפּגערייניקט.

אַזוי ווי איך בין געווען דער ערשטער פון דער משפחה צו זיין אין טשערנאָוויץ, בין איך געקומען אַהיים מיט אַ געפיל, אַז איך בין שוין מער ניט קיין דאָרפס־בחור. . . און זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

## זאַסטאַוונא און זאַלישטשיק

איך באַזוך נאָכאַמאָל, און צום לעצטן מאָל, זאַסטאַוונא און זאַליש־טשיק. קיין זאַסטאַוונא בין איך צוגעגאַנגען ניט אין קיין מאַרק־טאָג און ניט אויף קיין יאַריד, נאָר צו מאַכן זיך אַ פּאַספּאָרט . . .

קיין זאַלישטשיק אָבער, האָט מיך מיין טאַטע מיטגענומען, ווען ער האָט באַדאַרפט פאָרן צוליב געשעפט.

גענוויינלעך, ווען מען פלעגט פאָרן קיין זאַלישטשיק, פלעגט מען אַרויספאָרן זייער פרי, ווייל די רייזע אַהין און צוריק פלעגט נעמען אַמ־ווייניקסטנס פיר שעה.

יענעם פרימאָרגן האָט מיין טאַטע מיך אַ טאָרע געטאָן... דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס מיין טאַטע האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיר. צייטנווייז דאַכט מיר, אַז איך פיל נאָך דעם באַריר...

## אויפן וועגעלע

נאָך איידער מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיטן דאַווענען, האָט שוין מיין מאַמע געגרייט צום טיש. מיר האָבן עפּעס איבערגעכאַפּט און אַרויס שפּאַנען דאָס מאָגערע פערדל אונדזערס.

ביי מיין מאַמען האָבן זיך גענומען ווייזן פרישע לויטערע טרערן אין די אויגן, ווען זי האָט געוואָרנט מיין טאַטן, אַז ער זאָל זיך ניט לאָזן איינריידן קיין אַנצוג פונקט צו דער מאָס . . .

— דאָס קינד וואַקסט און וועט נאָך „מירצעשעם״ וואַקסן . . .

* * *

ווי נאָר דאָס פערדל האָט דערשמעקט די בייטש ביי מיין טאַטן אין דער האַנט, האָט זיך דאָס גענומען רירן.

זיצנדיק שוין אויפן וואָגן, האָט מיין טאַטע זיך פאַרדרייט אַ ציגייער, פאַררויכערט, געגעבן אַ טאָרקע דאָס פערדל און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן.

רויכערן פלעגט דער טאַטע זייער אַ סך. איז אויפן וועג, ווען ער האָט געדאַרפט פאַרדרייען נאָכאַמאָל אַ ציגייער, האָט ער מיר איבער־געגעבן די לייצעס מיט דער בייטש, ווי איינער רעדט: נאַ, שלמהלע, לערן זיך צו שלעפּן דעם וואָגן... אונטערטרייבן דאָס פערדל... פאָרסט אין אַ ניי לאַנד. . .

גערעדט האָט מיין טאַטע צו מיר גאָרניט. פון זיין בליק אָבער, האָב איך די ווערטער אַרויסגעזען.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פאַרדרייען און פאַררויכערן דעם ציגייער, האָט ער די לייצעס מיט דער בייטש צוריק איבערגענומען.

אַזוי האָט אָנגעהאַלטן דאָס שפּיל פון איבערגעבן די לייצעס מיט דער בייטש צו מיר און צוריק איבערנעמען ווען ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיטן פאַרדרייען און פאַררוּיכערן דעם ציגייער, דעם גאַנצן וועג, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין זאַלישטשיק.

מיר זיינען צוגעפאָרן צו מיין פעטער ל י י ז ע ר ב ע ר — דאָרט האָט מיך מיין טאַטע איבערגעלאָזט און איז אַוועק צו דערליידיקן די פּאָר זאַכן, וואָס ער האָט באַדאַרפט.

ווען איך האָב געזאָגט מיין פעטער, אַז איך בין זיך געקומען געזע־גענען מיט אים — דאָס האָט מיר מיין מאַמע אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אַזוי זאָגן, אַז איך פאָר קיין אַמעריקע, האָט זיך זיין שלעכט אויג צע־שמייכלט נאָך מער ווי דאָס גוטע אויג; די באָרד זיינע האָט זיך אויך צעשמייכלט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: עס געפעלט דעם פעטער, וואָס דו ביזט זיך געקומען געזעגענען מיט אים און אים מיטגעהאָלפן זאָגן די פּאָר וואַרעמע ווערטער:

— מסתמא וויל גאָט אַזוי. וועסט אם־ירצה־השם מצליח זיין.

* * *

ווען מיין טאַטע איז צוריקגעקומען, נאָכדעם ווי ער האָט דערליידיקט זיינע פּאָר זאַכן, האָט ער אפילו זיך ניט געוואָלט אַנידערזעצן צום טיש נעמען עפּעס אין מויל אַריין...— קויפן אַן אנצוג נעמט צייט, און עס איז שווין צו שפּעט, און ער האָט פיינט צו פאָרן ביינאַכט... ער האָט מיר געהייסן זיך אָפּגעזעגענען מיט יעדן און מיר זיינען אַוועק אין אַ קליידער-געשעפט.

אין קלייט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ טאַפּעניש, אַ מעסטעניש און אַ דינגעניש. ווי געוויינלעך עס פלעגט זיך פירן אין דער אַלטער היים, און עס האָט טאַקע געגומען צייט, איבערהויפּט דאָס אָנמעסטן. כאָטש צו וואָס מען האָט דאָס באַדאַרפט, ווייס איך ניט; אַז צו דער מאָס האָט מען דאָך סייווי ניט געגומען, ווייל מיין טאַטע האָט זיך געהאַלטן ביי דער מאַמעס רייד: עס זאָל זיין גרעסער און לענגער און ברייטער, „ווייל דאָס קינד וואַקסט דאָך.“ האָט ער מיר טאַקע געקויפט אַן אנצוג,

וואָס וואָלט מיר ריכטיק געפּאַסט צו דער מאָס ערשט אין צוויי־דריי יאָר אַרום.

דער טאַטע האָט מיר אויך געקויפט אַ קעפּעליוש. דעם קאַפּעליוש האָט ער שוין געלאָזט אינגאַנצן צו מיר, וואָס אַנבאַלאַנגט מאָס און קאָליר — האָב איך זיך אויסגעקליבן אַ גרינעם קאַפּעליוש.

מיין טאַטע האָט זיך צעצאָלט און אַ שיין ביסל אונטערגעזיפצט דערביי, ווי איינער רעדט: דאָס ערשטע, און אפשר דאָס לעצטע מאָל. יאָ, דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיין טאַטע האָט מיך גע־נומען קויפן אַן אַנצוג. ביי מיר איז דאָס אויך געווען דער ערשטער אנצוג מיט לאַנגע הויזן. ביז דאַן האָב איך נאָך געטראָגן קורצע הויזקעס.

* * *

אויפן וועג צוריק האָט מיין טאַטע מיר ווידער איבערגעגעבן די לייצעס מיט דער בייטש, ווען ער האָט געוואָלט פאַרדרייען אַ ציגייער און ווען ער האָט דעם ציגייער פאַררויכערט האָט ער די בייטש מיט די מיט די לייצעס ווידער איבערגענומען.

ווען מיר זיינען שוין געהאַט אָפּגעפאָרן כמעט אַ האַלב וועג, האָט מיין טאַטע איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן און מיך אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, שלמהלע, וועסט גאָרניט בענקען נאָך מיר, נאָך דער מאַמען, נאָך. . .

מיין טאַטנס פּלוצלינגדיקע פראַגע האָט מיך געשטעלט אין אַ פאַר־לעגנהייט און איך האָב מיט אַ האַלב מויל געענטפערט:

— איך וועל... איך וועל אַהיימקומען; איך וויל בלויז אָפּשפּאָרן אַ פּאָר הונדערט ראַנעש־דאָלערס . . .

ווידער האָט מיין טאַטע איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן. ער האָט עפּעס אַרויסגענומען פון דער קעשענע און אַ זאָג געטאָן:

— נאַ, שלמהלע, איך האָב דיר געקויפט אַ מתּנה. — און ער האָט מיר דערלאַנגט אַ מעסערל. . .

טרערן האָבן זיך גענומען קייקלען פון זיינע אויגן, בשעת ער האָט מיר דאָס מעסערל דערלאַנגט, און האָבן ניט אויפגעהערט זיך גיסן און נעצן זיין באָרד, ביז מיר זיינען געקומען אַהיים.

# זיך אָפּגעזעגנט

עס איז געווען אין מיטן יולי — שבת — דער לעצטער שבת פֿאַרן פֿאַרלאָזן מיין היים.

מ׳האָט כמעט ניט גערעדט איינער צום צווייטן. מיין מאַמעס זיפצן האָבן געגעבן צו פילן, אַז ס׳איז בעסער צו שווייגן. אפילו מיין קליין ברודערל, מאיר, האָט דערפילט די אָנגעשטרענגטקייט און אויך מיט־געשוויגן . . .

מיין טאַטע און מיין ברודער זיינען אַוועק אין שול דאַווענען. איך האָב ניט געפילט ווי מיטצוגיין. איך האָב זיך מיט אַלעמען אָפּגעזעגנט פּרייטיק־צו־נאַכטס — בין איך זיך אַוועק געזעגענען מיט די בערגלעך, טאָלן און טייכלעך, וועלכע האָבן מיר אין מיינע קינדערשע יאָרן אַזוי פיל פֿאַרגעניגן געגעבן.

דאָס דערפֿל אונזערס איז געווען אַ קליינס, אָבער אויסערגעוויינ־לעך שיין האָט דאָס אויסגעזען אין מיינע אויגן. האָב איך זיך שפּאַצירט פון איין בערגל צום צווייטן, פון די בערגלעך צווישן די לאָזעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי שטיקלך וועלדלעך— צום גאָרטן, וואָס מיר פלעגן אַליין באַאַרבעטן, און צום טייכל, וואָס האָט באַטריבן אונזער מיל.

יעדעס פּלאַץ, וואָס איך האָב פֿאַרלאָזט, האָב איך געפילט ווי אָנצובויגן זיך און אַ קוש טאָן, ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט:—עס איז צום לעצטן מאָל, וואָס דיינע אויגן זען דאָס.

אַזוי איז מיר דער לעצטער שבת אין טויטערים פֿאַרשוואונדן, און ווען די זון האָט זיך גענומען אויסבאַהאַלטן אונטער די הויכע בערג, וועלכע האָבן אונזער דערפֿל אַרומגערינגלט, בין איך צוריק אַריין אין שטוב.

ווי נאָר איך האָב איבערגעטראָטן די שוועל, האָט די מאַמע זיך שטאַרק צעוויינט, איז אַרויפגעפאַלן אויף מיר און מיך גענומען קושן:

— שלמהלע, קינד מיינס, קאָנסט נאָך חרטה האָבן.

ניט וויסנדיק וואָס איר צו ענטפערן, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— וויין ניט, מאַמע, איך וועל בלויז אַ פּאָר הונדערט גולדן אָפּשפּאָרן, וועל איך צוריך אַהיים־קומען.

איך געדענק נישט צי מיין מאַמע האָט יענעם שבת פאַרנאַכט געזאָגט „גאָט פון אַברהם" און צי מיין טאַטע האָט הבדלה געמאַכט. איך געדענק נאָר, אַז אַזוי גיך ווי מיין שוועסטער האָט אָנגעצונדן אַ לאָמפּ, האָט מיין מאַמע גענומען טראָגן די קוילעטשלעך, אַ צוואַנציק אין צאָל; דעם לעקאַך, די פּאָר געבראָטענע הינדלעך, וואָס זי האָט געבאַקן און געבראָטן פרייטיק ערב־שבת, און מ'האָט דאָס אַלעס מיר געהאָלפן פּאַקן אין מיינע רענצלעך...

* * *

ווען דער גוי איז געקומען מיטן פערד און וואָגן בין איך שוין געווען גרייט פאַרפּוצט אין מיין נייעם אנצוג און גרינעם קאַפּעליוש וואָס מיין טאַטע האָט מיר געקויפט. מיין מאַמע האָט נאָך געהאַלטן אין פאַרנייען די קעשענע, וואָס זי האָט מיר איר אין וועסטל געמאַכט, צו באַהאַלטן דעם אוצר וואָס מיין טאַטע האָט מיר מיטגעגעבן אויף הוצאות.

און מיטגעגעבן האָט ער מיר כמעט זיין גאַנץ פאַרמעגן וואָס ער האָט געשפּאָרט יאָרן־לאַנג — נדן פאַר מיין שוועסטער.

געהאַלטן האָט מיין טאַטע זיין פאַרמעגן אונטער שלאָס אין אַ שופלאָד. דאָס געלט איינגעפּרעסט אין אַן אַלטער הגדה; דעם שליסל צום שופלאָד האָט ער געהאַלטן אויף אַ הויכער שאַפע, וואָס בלויז ער האָט געקאָנט דערלאַנגען אָן אַ ביינקל...

ווען ער האָט געזען, אַז די רענצלעך זיינען שוין פאַרפּאַקט און אַז איך בין שוין האַלב אָנגעטאָן, האָט ער פּאַמעלעך אַראָפּגענומען דעם שליסל פון דער שאַפע; מיט שטילע טריט איז ער צוגעגאַנגען צום שופלאָד; מיין שוועסטער האָט פאַרצויגן די פאָרהענגלעך אויף די פענצטער. . . בלויז דער קריץ פון שלאָס האָט איבערגעריסן די שטיל־קייט, וואָס האָט פאַר אַ מאָמענט געהערשט; אַרויסגענומען די הגדה און גענומען אויסציילן די צענערלעך און פינפערלעך דער מאַמען אין דער האַנט אַריין. די מאַמע האָט אים צוגעהאָלפן ציילן און אונטערגעזאָגט:
— גיב אים נאָך אַ פינפערל, נאָך אַ פינפערל. די הגדה איז דין גע־וואָרן — מיט איין פינפערל געבליבן . . .

דער טאַטע איז געבליבן שטיין אַן אויסגעליידיקטער, פּונקט ווי די הגדה, און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך און מיט איר. האָט ער זי אַריינגעוואָרפן אין אָפענעם שופלאָד און, כדי זיך אַליין צו געפינען, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

—דאָס מעסערל האָסטו?

* * *

איך האָב זיך אָפּגעזעגנט מיט מיין שוועסטער, עלטערן ברודער און מיין קליין ברודערל האָב איך אַ קוש געטאָן אַ שלאָפנדיקן. איך האָבן מיין קליין ברודערל געגעבן אַ פּאַטש, ווייל ער האָט געשלעפּט פון די רענצלעך, וואָס איך האָב איינגעפּאַקט. איז ער ברוגז געוואָרן און איז אַוועק שלאָפן.

מיט מיין בליק האָב איך זיך געזעגנט מיט יעדן ווינקעלע פון אונזער שטוב און אויך די מאַמע און דער טאַטע זיינען אַרויס פון שטוב און אַרויף אופין וואָגן.

דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט מיט אַ פולער לבנה. איך זיץ אויפן וואָגן קעגנאיבער; איך זע מיין מאַמעס פאַרווייינטע אויגן און מיין טאַטנס פאַרצווייפלט פנים.

איך הער מיין מאַמעס זיפצן, מיין טאַטנס אָפּטע קרעכצן. איך הער די שווערע טריט פון פערד, וואָס שלעפּט אונדז באַרג אַרויף און איך זע מיין דערפל ט ו י ט ע ר ע ס אין איר נאַכטיקער פאַרכישופטקייט, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון ביז אויף היינטיקן טאָג.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען מיר געפאָרן קיין טשערנאָוויץ צום וואָקזאַל. מיר האָבן ניט באַדאַרפט צו לאַנג וואַרטן ביז די באַן האָט זיך מיט אימפּעט אַריינגעשניטן. . .

דער לעצטער מאָמענט איז געקומען אָפּצוזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע. די מאַמע האָט איר ביטער האַרץ אויסגעגאָסן אין הייסע טרערן. מיין טאַטנס טרערן אָבער, זיינען פאַרשטיינערט געוואָרן אין זיין ביטער האַרץ. אַ צעשראָקענער איז ער געשטאַנען און אַ פאַרשטיינערטער

געוואָלט מיר עפּעס זאָגן און ניט געקאָנט . . . ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געוועןגעזאָגט, אַז דאָס זעט ער מיך צום לעצטן מאָל — און איך אים אויך. . .

* * *

איך בין אַריין אין וואַגאָן, זיך אָוועקגעשטעלט ביים פענצטערל. מיין מאַמע האָט זיך צעשריען און צוקלאָגט, ווי זי וואָלט צו מיין לוויה געגאַנגען. דער טאַטע אָבער, האָט אויסגעקוקט ווי ער וואָלט פון מיין לוויה געקומען. . .

* * *

מיין מאַמען האָב איך נאָך איין מאָל אין מיין לעבן געזען. איך בין שוין דאַן אַליין געווען אַ טאַטע פון אַ טאָכטער. אויף מיין טאַטן אָבער האָב איך דעם לעצטן בליק געגעבן יענעם פרימאָרגן, דורכן וואַגאָן פענצטערל. . .



# אַ ריסקעל *)

מיין טאַטע איז געווען, ווי מען זאָגט ביי יידן: אַ פּראָסטער מענטש. קיין בילדונג האָט ער נישט פאַרמאָגט. האָט געדאַוונט און אָפּגעהיט שבתים און ימים טובים, פּונקט ווי אַלע יידן, און געאַרבעט שווער אויפן שטיקל ברויט.

מיין טאַטנס פּרנסה איז געווען אַ וואַסער־מיל — געדאַרפט בעסער זאָגן: אַ וואַסער־מילעכל, אין אונדזער קליינעם דערפל.

די מיל איז געשטאַנען אין טאָל און אַלע וואַסערן פון דערפל האָבן געגעבן כוח די רעדער זיך צו דרייען.

קיין צופיל וואַסער איז נישט געווען, האָבן די רעדער זיך קאָם געדרייט. און אום אַ טראָפּן וואַסער זאָל זיך ניט דורכשלאָגן און פאַרלוירן ווערן ערגעץ, פלעגט מיין טאַטע אַרומגיין מיט אַ ריסקעל, יעדן טאָג, און אַכטונג געבן, אַז דאָס וואַסער זאָל לויפן אין דעם ריכטיקן וועג. ווייל אויב אַביסל וואַסער איז פאַרלוירן געגעאַנגען, איז אַביסל פּרנסה דערמיט פאַרלוירן געוואָרן.

די פּויערים פלעגן סיידוי אָפּטמאָל באַדאַרפן וואַרטן אויף זייער ריי, אַזוי לאַנג ווי דריי־פיר וואָכן. אין אַזאַ פאַל פלעגן די גויים איבערלאָזן זייערע זעק מיט תבואה ביז זייער ריי וועט קומען און אַוועקפאָרן אַהיים.

יעדער פּויער פלעגט פאַרבינדן זיינע זעק תבואה מיט אַנאַנדער קנופּ, וואָס האָט אים געמאַכט זיכער, אַז קיינער וועט זיין קנופּ ניט קענען נאָכמאַכן, און אויב עמיצער וועט דעם זאַק אויפבינדן און אַראָפּ־נעמען אַביסל תבואה, איז ווען ער וועט קומען צוריק צום מאָלן, וועט ער עס גלייך דערקענען. . .

מיין טאַטע האָט די קונסט פון קנופּן ניט געקאָנט און אויך ניט געוואָלט. מיין מאַמע אָבער — ווייל זי קומט פון אַ מילנערשער משפּחה — האָט זי די קונץ גראַדע יאָ געקאָנט און געוואָלט אויך... זי האָט

---

*) אַ רידעל, אַ לאָפּעטע

געהאַלטן, ווי אַלע מילנער, אַז אַ מילנער מוז אַראָפּציען אַביסל תבואה פון זאַק, אַז עס זאָל קלעקן אויף פּרנסה.

מיין ברודער, אַברהם, וועלכער איז געווען עלטער פון מיר מיט דריי יאָר און פלעגט שוין דעם טאַטן אַ סך העלפן אין מיל, האָט מיין מאַמע אויסגעלערנט די „קונץ״, און ער איז געוואָרן אַ מזיק אין פאַך...

* * *

איך בין נאָך קיין צוועלף יאָר ניט אַלט געווען. איך בין גראָד געווען אין מיל, ווען מיין טאַטע איז אַריינגעקומען מיטן ריסקעל אויפן אַקסל פון זיין איינגעבויגענער פּלייצע, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט די טאָג־טעגלעכע אינספּעקציע, אַז עס זאָל חלילה קיין לעפעלע וואַסער ניט פאַרלוירן גיין, האָט ער דערזען ווי מיין ברודער פּאָרעט זיך עפּעס ביי אַ זאַק תבואה.

— וואָס טוסטו דאָרט אַברהם? האָט מיין טאַטע אים אַ פרעג געטאָן — און אַרונטערגעלאָזט דעם ריסקעל פון אַקסל.

ווען מיין ברודער אַברהם האָט גענומען שטאַמלען—מ׳פלעגט זאָגן: „מעקען״—אויף מיין טאַטנס פראַגע, האָט מיין טאַטע באַלד פאַרשטאַנען אַז ער האָט זיך געפּאָרעט מיט די קנופּן און געצאַפּט פון די זעק תבואה.

— אויב איך וועל דיך כאַפּן נאָך אַמאָל, וועט זיך טאָן חושך— האָט מיין טאַטע שטרענג אַ זאָג געטאָן.

— מיר ווילן לעבן אויף דעם וואָס מיר פאַרדינען, כשר, אָן גנבה: ל א  ת ג נ ו ב !

ווען מיין טאַטע האָט דעם לא תגנוב אַרויסגעזאָגט, האָט ער זיך אין מיינע קינדערשע אויגן פאַוואַנדלט אין אָפּבילד פון משה רבינו און פון ריסקעל האָבן געפינקלט פייערדיקע אותיות ווי פון די לוחות:— ל א  ת ג נ ו ב !

— — — — — — — — — — — — — — —

⁂

דאָס מעסערל וואָס מיין טאַטע האָט מיר אַ מתנה געגעבן, האָב איך שוין לאַנג, לאַנג פאַרלוירן. דער כשרער ר י ס ק ע ל אָבער, אין מיין טאַטנס האַנט; די הייליקע ווערטער פון מיין טאַטנס מויל — זיי באַגלייטן מיך מיין גאַנצן לעבן.

* * *

שוין באַלד פופציק יאָר, טאַטע. דאָס בילד מיטן ריסקעל שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן. דיין הערלעכע שטים קלינגט מיר נאָך אין מיינע אויערן. . .

— — — — — — — — — — — — — —

„י ת ג ד ל ו י ת ק ד ש ש מ י ה ר ב ה״ !...



## קאַפּיטל פיר

# צוויישן יענקים

# שלמה, דו ווייסט?

עס איז געווען שבת, דעם 28טן יולי, 1909, ווען די שיף אונדזערע האָט זיך גענומען דערנענטערן צו ניו־יאָרק.

אַלע אימיגראַנטן זיינען אויפגעשטאַנען פריער ווי אַלע טאָג און זיך גענומען איילן וואָס שנעלער איינצופּאַקן די קויטיקע זאַכן אין די רענצלעך און אַרויפשלעפּן אויף זיך די ריינערע זאַכן, אַז מ'זאָל אויסקוקן ווי מענטשן ווען מען וועט אַרונטער פון שיף.

איך האָב ניט געהאַט קיין סך וואָס אַריינצולייגן אין מיינע רענצלעך און נאָך ווייניקער—וואָס אַרויסצונעמען, חוץ אַ שטייפן קאָלנער מיט צוויי גרויסע שפּיצן אָפּגעבויגן צו די זייטן און אַ ווייסן שניפּס, האָב איך אין מיין קליידער־רענצל מער גאָרניט פאַרמאָגט. ווייל דעם נייעם אַנצוג מיינעם מיטן קאַפּעליוש האָב איך געטראָגן די גאַנצע צייט. דערצו האָט דער אַנצוג מיינער שוין אויסגעקוקט גאָר ניט ניי...

בעפאָר מיר זיינען אַרויף אויף דער שיף האָט גענומען גיסן אַ שטאַרקער רעגן, איז ווען איך בין אַריין אין דער שיף ביז איך שוין געווען אַן אויסגעווייקטער ביזן העמד.

ביי דער שיף האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ פּאָר יידן, וועלכע זיינען שוין געפאָרן קיין אַמעריקע דאָס צווייטע אָדער דריטע מאָל. האָבן זיי מיר געזאָגט, אַז ווען איך וועל אַריין אין שיף, זאָל איך ניט וואַרטן אויף קיין כבוד, נאָר זיך אַרויפכאַפּן אויף אַ בעטל—אי דאָס אויף אַן אויבערשט בעטל און מאַכן דעם אָנשטעל אַז איך בין שוין אַ גרויסער, ווייל אַז איך וועל פאַרכאַפּן אַן אונטערשט בעטל און מ|וועט אַ קוק געבן אַז איך בין נאָך גאָר אַ יינגל, וועט מען מיך אַראָפּטרייבן.—אַז מען כאַפּט—האָבן זיי געזאָגט—האָט מען.

האָב איך זיי געפאָלגט און פאַרכאַפּט אַ בעטל און אַ פּיטש נאַסער אין אַנצוג און אין קאַפּעליוש זיך אויסגעצויגן אויף דער פולער לענג.

דאָך ווען איך האָב אָנגעטאָן דעם שטייפן קאָלענר מיט די שפּיצן און דעם ווייסן שניפּס, האָב איך אויסגעקוקט ווי אַ חתן־בחור, וואָס גייט אָנקוקן אַ כלה...

* * *

אַ פרייד האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט ווען מיר זיינען געשטאַנען אויפן דעק און געקוקט אויף דער „סטעטשו אָוו ליבערטי" (פרייהייטס סטאַטוע) און צוגעזען ווי די קליינע שיפלעך שלעפּן אַריין אונדזער גרויסע שיף אין פּאָרט. עס האָט זיך געפילט אַז מיר וועלן אינם נייעם לאַנד זיין אָנגעלייגטע געסט.

נאָך מער האָט זיך ביי מיר דאָס געפיל פאַרשטאַרקט, ווען איך בין געשטאַנען פאַרן אינספּעקטאָר און ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן צי איך האָב עפּעס געלט אויף אויסער די אַלט־געבאַקענע קוילעטשלעך און פאַרדאַרטע שטיקלעך לעקאַך אין איין רענצל, וואָס מיין מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך האָב אַ גוטן טאַטן אויך— ער האָט מיר מיטגעגעבן זעכצן דאָלער. . . איך האָב אַרויסגעשלעפּט דעם פאַרמעגן פון דער קעשענע, וואָס מיין מאַמע האָט מיר אָנגענייט אין דער וועסטל. ער האָט בלויז אַ קוק געגעבן אויף דעם און ער האָט מיר געזאָגט אַז אַלעס איז „אָלרייט"—דאָס הייסט, אַ ווילקאָמענער גאַסט.

* * *

דער באַקאַנטער ייד, וועלכער איז שוין אין אַמעריקע געווען, האָט מיך געכומען אונטערן שוץ פון זיינע פליגל: ער ווייסט, האָט ער מיר געזאָגט, וואו די גאַס געפינט זיך, וואוהין איך האָב געהאַט מיין אַדרעס, און ער האָט מיך גענומען מיט זיך אויפן „עלעוויטער" און ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו דער סטאַנציע „ריווינגטאָן סטריט" האָט ער מיר געהייסן אַרויסגיין פון „עלעווייטאָר" און אַראָפּגיין די טרעפּ צוזאַמען מיט אַלע מענטשן און דאָרט וועל איך שוין געפינען דעם ריכטיקן נומער, וואוהין איך באַדאַרף.

איך האָב נאָכגעפאָלגט דעם יידן און זיך געשטופּט גלייך מיט אַלעמען און אַזוי האָב איך מיינע פיס געשטעלט אויף „ריווינגטאָן סטריט".

שטייענדיק שוין מיט ביידע פיס אויף „ריווינגטאָן סטריט" האָב איך גענומען באַטראַכטן דאָס גרויסע וואונדער „עלעווייטאָר", וואָס פליט פייל אויסן בויגן איבער שטיבער, צווישן שטיבער—אין דער לופטן

ממש, און פאַלט ניט אַראָפּ און צעברעכט ניט די הויכע שטיבער. שפּע־טער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז די הויכע שטיבער רופט מען „טענע־מענט הייזער".

איך האָב זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג וואוהין עמיצער האָט מיר אָנגעוויזן, אַ איך וועל דאָרט דעם נומער געפינען, און מיט מיינע רענצלעך האָב איך זיך אַלעמאָל אָנגעשלאָגן אין עמיצן אַנדערש, ווייל איך בין געגאַנגען מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און באַטראַכט דעם וואונדער פון די הויכע שטיבער (טענעמענט הייזער).

איך בין צוגעקומען צום ריכטיקן נומער. דאָרט איז געווען די „אַדאָלף מאַנדעל באַנק"— עס איז געווען אַ יידישע באַנק, וואו די גריבע יידן פלעגן האַלטן זייערע אָפּגעשפּאָרטע פּאָר סענט, קויפן שיפסקאַרטן אויף אויסצוצאָלן, ווען מען האָט געוואָלט ברענגען משפחה פון דער אַלטער היים.

אַזוי ווי מיין פעטער פּיניע, מיין טאַטנס אַ ברודער, האָט ניט געהאַט קיין פערמאַנענטן אַדרעס, ווייל ער איז נאָך געווען אַ בחור, האָט ער מיר געשיקט דעם אַדרעס צו דער אַדאָלף מאַנדעל באַנק.

שבת אָבער פלעגט די באַנק זיין געשלאָסן. האָב איך מיר אַוועק־געשטעלט מיינע רענצלעך און זיך אַוועקגעזעצט אויף זיי וואַרטן, ביז מ׳וועט די באַנק עפענען.

באַלד האָבן אָנגעהויבן צוקומען אידן מיט ברייטע שלום־עליכמס און מיט פראַגן: פון וואַנען קומט אַ יינגל? אַנדערע זיינען דורכגעגאַנגען, אַ קוק געגעבן אויף מיר און זיך צעלאַכט... עס קאָן זיין, אַז דער גרינער צעקנייטשטער קאַפּעליוש, מיט דעם גרויסן ווייסן שניפּס, האָט דעם געלעכטער ביי די שוין־„אויסגעגרינטע" אַרויסגערופן.

אַ שטיקל גליק איז געווען, וואָס עס האָט אָנגעהויבן וערן טונקל, האָט מען מיך אויפגעהערט אַזוי צו באַמערקן.

ווען די באַנק האָט זיך געעפנט בין איך מיט מיינע רענצלעך אַריין צוגלייך מיטן „שליסל־טרעגער", אים דערלאַנגט דעם נאָמען פון מיין פעטער פּיניע . . .

קיין טעלעפאָנען אין די טענעמענט־הייזער זיינען נאָך דאַן ניט

געווען—אַז מ'האָט באַדאַרפט עמעצן, האָט מען געמוזט אַליין גיין אָדער שיקן אַ שליח נאָך אים.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און מ'האָט מיר געבראַכט מיין פעטער.

מיין פעטער האָט מיר דערלאַנגט אַ ברייטן שלום־עליכם און מיט שטאָלץ מיר אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט, שלמה ? — דו ביזט אין אַמעריקע !

## יענקים

נאָך דער פאַרזיכערונג, וואָס מיין פעטער פיניע האָט מיר געגעבן, אַז איך בין שוין אין אַמעריקע, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן מיינע הענצלעך און אַ זאָג געטאָן: — קום שלמה — און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין איבער נאָרפאָלק סטריט.

מיין צעקנייטשטער קאַפּעליוש און ווייסער שניפּס זיינען געווען ווייזט אויס אַ גוואַלדיקע אַטראַקציע פאַר די פאַרבייגער, ווייל אויף אַלעמענס פנימער האָט ווי פון דער העלער הויט זיך צעגאָסן אַ שמייכל.

צוקומענדיק צו אַ רעסטאָראַן האָט מיר פיניע אַ זאָג געטאָן: — שלמה, דאָס איז אונדזער רעסטאָראַן... און אום איך זאָל ניט מיינען, אַז ער און זיינע צוויי יונגערע ברידער, מאָטיע און איציק, האָבן זיך שוין אַרויפגעאַרבעט אויף אַן אייגענעם רעסטאָראַן, האָט ער גלייך צוגעגעבן: — אָט־דאָ טרעפן מיר זיך אַלע נאָך דער אַרבעט.

„אַלע“—בין איך שפּעטער געוואויר געוואָרן—ניט נאָר ברידער און קרובים, נאָר עס איז געווען די פעסטונג פאַר אַלע לאַנדסלייט פון אונדזער געגנט.

דער רעסטאָראַן איז געווען ניט קיין צו גרויסער, אַ טומל אָבער איז דאָרט געווען גאָר אַ גרויסער. די טעלער, לעפל, גאָפּלען און מעסערס האָבן ניט אויפגעהערט צו קלינגען, און די מענטשן וועלכע זיינען געזעסן אַרום די טישלעך האָבן נישט גערעדט, נאָר געשריען—אויס־טערלישע קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט:

— אָררייט, דאַצאַ, שור, סויטענלי, יעסיר!

דער טומל האָט דערמאָנט אַביסל אָן דעם זאַסטאַווּנער יאַריד. אפילו דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן, וועמען אַלע האָבן גערופן ביים ערשטן נאָמען — ל י י ב ע ל — האָט מיר דערמאָנט אין דעם זאַס־טאַוונער סוחר, וואָס האָט אָפּגעקויפט ביי מיר און מיין ברודער דאָס קעלבל. ניט מיין, יענער סוחר האָט געהאַלטן אין איין זאָגן, אַז אונזער קעלבל איז קיין סחורה ניט און דער סוחר, לייבעל שייפער, האָט גע־האַלטן אין איין לויבן זיין „זופּע און פּיראָגן“. . .

ווי נאָר מיר זיינען אַריין אין רעסטאָראַן האָט מיין פעטער פּיניע אַוועקגעשטעלט די רענצלעך, געפונען אַ טישל וואו זיך אַוועקצוזעצן, און מיך גענומען פאָרשטעלן פאַר זיינע באַקאַנטע:

— באַקענט זיך מיט מיין נאַפאָטעל — ש ל מ ה!

— ער איז ניט קיין גאַליציאַנער, — ער איז אַ בוקאָווינער. . . און צו מיר האָט ער זיך אָנגערופן: —באַקען זיך, שלמה, דאָס זיינען אונדזערע „ריווינגטאָן סטריט יענקיס“. . .

איך האָב ניט געוואוסט וואָס עס מיינט „יענקיס“ און אַוודאי ניט וואָס עס האָט געמיינט „ריווינגטאָן סטריטער יענקיס“, דאָך האָט מיר געדאַכט אַז די ווערטער, אָדער טיטול, זיינען געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר די מענטשן, וואָס זיינען געזעסן אַרום די טישלעך אין רעסטאָראַן. אַלע אין פריש־געפּרעסטע העמדער מיט קאָלירטע אַרעמבענדער אויף די אַרבל. איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז די מאַנופאַקטשורערס פלעגן מאַכן העמדער מיט איין לענג אַרבל—האָט מען געמוזט טראָגן אַרעמבענדער, אַז די אַרבל זאָלן זיך ניט פּלאָנטערן... די אַרעמבענדער זיינען דאַן אַזוי געווען אין דער מאָדע, אַז אפילו דעם וואָס גאָט האָט געבענטשט מיט הענט לענגער פון די אַרבל, האָט אויך געטראָגן אַרעמ־בענדער.

די הויכע „ראָבערנע“ קעלנער, וואָס זיי האָבן געטראָגן, האָבן גע־בלישטשעט מיט שטערנדלעך... און זיי געמאַכט אויסקוקן גאָנערדיק שטייף—דעם קאָפּ ניט אַ ריר צו טאָן. און די געלע שיך מיט די גרויסע קנעפּ און קולביקע נעז האָבן געשיינט ביי זיי ווי די זון. . .

איז טאַקע דער צונאָמען: „ריווינגטאָן סטריט יענקיס" מיר געווען געפעלן. זיי אָבער, ווייזט אויס, האָבן זיך געפילט געטראָפן דערפון, האָבן זיי באַלד גענומען זיך אָפּרעכענען מיט מיין פעטער און שיטן ווערטלעך און חכמהלעך אויף מיין חשבון...

— באַקען אים נאָר ניט מיט דיין מיידל, פיניע — האָט איינער אַ זאָג־געטאָן. — אַזוי גיך ווי זי וועט אים דערזעען, ביזטו פאַרטיק...

— ער קוקט טאַקע אויס ווי אַ חתן־בחור. ניט מיין, זיין קאַפּעליוש איז אַביסעלע צעקנייטשט ביי אים. — האָט אַ צווייטער אַ זאָג געטאָן.

אַ דריטער איז צוגעקומען נעענטער, מיר אָפּגעגעבן שלום און אַ זאָג־געטאָן: — דו זעסט, דיין פעטער איז גוט צו דיר. ער אָרדערט פאַר דיר אַ מאָלצייט, וואָס דו האָסט ביי דיין מאַמען, אפילו יום־טוב, אַזאַ מאכל ניט געגעסן, און ער וועט באַצאָלן פאַר דיר אויך. ער איז אַ ספּאָרט, דיין פעטער פיניע, איז זיי־זשע אויך גוט צו אים און ליי אים דיין שניפּס ווען ער גייט אויסנעמען זיין מיידל...

ווען אַ ייד מיט קרומע פיס און אַ לאַנגן פאַרטוך האָט צוגעטראָגן אַ קאָשיקל ברויט און דעם פאַרשפּייז, האָט פיניע מיר אַ זאָג געטאָן:

— עס, שלמה, הער זיך ניט צו צו די לצים. זיי האָבן שוין פאַרגעסן אַז זיי זיינען געקומען קיין אַמעריקע ניט נאָר אין צעקנייטשטע קאַפּעליושן, נאָר אין צעקנייטשטע, אָפּגעריבענע היטלען און צעריסענע הויזן. איר הערט — האָט ער זיך געווענדעט צו זיי — עס וועט ניט נעמען לאַנג און ער וועט זיין פּונקט אַזאַ קנאַקער ווי איר און אפשר אַ גרעסערער... ער האָט אַ פעטער, הייסט ער פיניע ! . . .

— און אַז מ'האָט אַ פעטער וואָס הייסט פיניע, טאָר מען ביים גרינעם ניט אָפּנעמען קיין גרוס פון דער אַלטער היים ? — האָט איינער אָנגע־פאַנגען נאָך אַמאָל, און באַלד נאָך אים האָבן גענומען קומען פראַגן פון אַלע זייטן:

— וואָס מאַכט אונדזער גוטער קייזער פראַנץ יאָזעף ?

— צי האָט ער זיך שוין אָפּגעגאָלט זיינע באַקן־בערד?

— צי האָב איך זיך געזעגנט מיט אים?

— צי האָט מען מיך אַרויסבאַגלייט מיט אַ מיליטערישן אָרקעסטער?

אַלץ קלאָץ־קשיות אַזעלכע, וואָס מ׳האָט באַדאַרפט זיין אַ מיניסטער צו קאָנען ענטפערן.

אויף איין פראַגע אָבער: פון וועלכן כרך איך קום? און קריגנדיק מיין ענטפער: „טויטעריס״, האָט איינער זיך געגעבן אַ שטעל אויף און גענומען האַלטן אַ דרשה:

— טויטעריס! — איר הערט, אין טויטעריס איז דאָ אַ איד, הייסט ער, דוד מערדינגער, איז ער פאַררעכנט פאַר אַ ראַקעפעלער! דיינקט ניט אַז מען מוז דווקא פּאָמפּען אויל אויף צו ווערן רייך. מ׳קאָן פון וואַסער אויך ווערן אַ נגיד. דוד מערדינגער האָט ביי זיך אויפן הויף אַ קערנעצע פון וועלכער ער פּאָמפּעט וואַסער, אָבער ניט קיין פשוטע וואַסער, נאָר וואַסער וואָס מישט זיך גוט מיט בראָנפן... און די גויים האָבן זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט צו דעם „מערדינגער מיקסטשור,״ אַז זיי הערן אים ניט אויף צו טרינקען ביז זיי ווערן שיכור...

די שטימונג אין רעסטאָראַן איז געוואָרן אַ געהויבענע. מ׳האָט געלאַכט און געפּאַטשט בראַוואָ, און שלום־עליכמס האָבן גענומען פליען פון אַלע זייטן. דער בחור וואָס האָט דאָס מעשהלע דערציילט איז געווען פון אַ דערפל נישט ווייט פון אונדז... אום צוצוגעבן נאָך מער „היימישקייט״ האָט לייבעל שייפער, דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן, אַ זאָג געטאָן: — אויב אַזוי... קומט דאָך אים וואַרעניקעס. — און האָט גלייך געגעבן זיך אַ גליטש אין קיך אַריין און אין איין אויגנבליק מיר צוגעטראָגן אַ טעלער, אפשר מיט אַ טוצן וואַרעניקעס, וואָס זיינען געשוואומען אין פּוטער... און אַ זאָג געטאָן: דאָס איז אַ „טריט״ פון די „באָיעס״ — אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויף דעם גאַנצן עולם... און צוגעגעבן: — אין אַמעריקע הייסט דאָס ניט וואַרעניקעס — מען רופט דאָס פּ י ר אָ ג ן.

* * *

קיין געלט פלעגן די גרינע ניט ברייינגען קיין אַמעריקע. אָפט מאָל אפילו קיין העמד ניט אויפן לייב. אַפּעטיט, אָבער — דאָס האָבן אַלע געבראַכט און איך אויך... און כאָטש איך האָב שוין געהאַט אַריינגערוקט אַ גאַנץ גוטע וועטשערע, וואָס פיניע האָט געאָרדערט פאַר מיר.

דאָך האָב איך גענומען שלונגען די וואַרעניקעס אָדער „פּיראָגן" ווי אויף אַ ניכטערן מאָגן... בלויז דער לעצטער וואַרעניק האָט זיך מיר געגעבן אַ שטעל אין האַלדז פאַר אַ סעקונדע, ווייל מיין פעטער מאָטיע, פּיניעס מיטלסטער ברודער, איז אַריינגעקומען, מיר דערלאַנגט אַ ברייטן העללאָו־שלום עליכם, איידער איך האָב דעם וואַרעניק געהאַט אַראָפּ־געשלונגען...

## מיין פעטער פּיניע

פּיניע איז געווען דער עלצטער פון די צוויי ברידער, וואָס מיין טאַטע האָט געהאַט דאָ אין אַמעריקע. און אַלס דער עלצטער, האָט ער געטראָגן אויף זיך דעם עול פון דער גאַנצער משפחה און האָט אַלעמען געוואָלט פאַרזאָרגן.

איצט, אַז איך בין געקומען—איז ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן צו דער חברה אין רעסטאָראַן, וועלכע האָבן זיך געוויצלט איבער מיר:— „ער האָט אַ פעטער פּיני!"—זיינען דאָס ניט געווען גלאַט פּוסטע רייד, נאָר ער האָט דאָס געמיינט ערנסט און גענומען ערנסט. איך בין געוואָרן זיין פּראָבלעם... און פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט...

די ערשטע פראַגע איז געווען, וואו מיך צו באַשטאַטן אויף איבערצונעכטיקן די ערשטע נאַכט. אויף מאָרגן וועט מען שוין געפינען אַ „לאָזשי" פאַר מיר...

קיינער פון מיינע פעטערס איז נאָך ניט געווען קיין באַווייבטער. האָט מען געוואוינט ביי יענעם אַלס „באָרדערס", און באָרדערס אין יענער צייט האָבן זיך ניט געקאָנט פאַרגינען איינצואָרדענען געסט. פּשוט, עס איז קיין פּלאַץ ניט געווען.

די וואָס האָבן געהאַלטן „באָרדערס", האָבן זיי געהאַלטן ניט צוליב באַקוועמלעכקייט וועגן, נאָר צוליב דעם, אַז מע זאָל קאָנען צאָלן דעם „רענט", און, אַגב, ביי וועמען ס'זיינען געווען מיידן, איז עס אויך געווען אַ „סגולה" פאַר אַ שידוך...

האָט מיך פיניע צו זיך אויף נאַכטלעגער ניט געקאָנט נעמען.

ווען איך האָב פינין געוויזן דעם אַדרעס פון מיין פעטער שיע — אַ פעטער פון מיין מאַמעס צד, ער האָט אים געקאָנט און געוואוסט וואו ער וואוינט, אָבער ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער שלאָפט אויף אַ בעטל עפּעס אין אַ לאָך — מען רופט דאָס „אינסייד האָל" — און ביי אים וועל איך ניט קאָנען איבערנעכטיקן. ערשט ווען מיין פעטער מאָטיע איז אַריינגעקומען אין רעסטאָראַן, איז דאָס פּראָבלעם גלייך געלייזט געוואָרן.

מאָטיע האָט געוואוינט בלויז צוויי אין אַ „רום" — אי דאָס צוזאַמען מיט אונדזער קוזין יונה.

מיין פעטער פיניע האָט זיך צוזאָלט מיט לייבלען, דעם באַלעבאָס פון רעסטאָראַן, און אים געזאָגט: — זאָלסט אים געבן דריי מאָלצייטן אַ טאָג, אַנווייזנדיק אויף מיר — און טאָמער וועט ער וועלן אַן עקסטרע פּאָרציע פּיראָגן, זשאַלעווע נישט, איך וועל באַצאָלן.

ער האָט געגעבן מאָטיען אַ פּאָר דאָלער און אים געהייסן ער זאָל מיר קויפן אַ שטרויענעם קאַפּעליוש. ער אַליין האָט געמוזט זונטיק אינדערפרי אַריינגיין צו דער אַרבעט פאַר אַ פּאָר שעה. ער איז שוין געווען אין ביזנעס פאַר זיך אַליין, מיט אַ „פּאַרטנער". זיי האָבן געהאַט אַ „פּאָר שאַפּקע" און אַז דער שותף קומט אַריין, מוז ער אויך אַריינקומען... האָט ער אָנגעזאָגט מאָטיען, אַז ער זאָל נעמען „קער" אויף מיר זונטיק ביז ער וועט קומען פון שאָפּ. מיר האָט ער געהייסן מיטנעמען בלויז איין רענצל מיט די בויטיקע זאַכן, מישטיינס געזאָגט: אַ פּאָרל אונטערוועש, אַ געדיכט קעמל און די תפילין. אין אַנדערן רענצל איז נאָר געלעגן אַ פּאָר פאַרטרוקנטע קוילטשלעך, וואָס די מאַמע האָט מיר מיטגעגעבן, און אַ פּאָר קויטיקע שקאַרפּעטקעס...

איך האָב זיך געזעגנט מיט פינין, אים העפלעך אָפּגעדאַנקט פאַר דער שיינער אויפנאַמע וואָס ער האָט מיר געגעבן, און צום ערשטן מאָל געהערט די ווערטער:

— „גוד נאַיט! גוד־ביי! און גוד לאָק"!

# מיין פעטער מאָטיע

— ווען מאָטיע וואָלט ניט געווען קיין יתום, וואָלט פון אים גע־קאָנט ווערן א „לאָט"...אָט די ווערטער האָב איך געהערט פון מיין טאַטן, ווען מע האָט מאָטיען אַוועקגעגעבן אויף דער לערע — צו אַ קירזשנער.

מיין טאַטנס ווערטער האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין מח — איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר זיבן.

איז אַזוי גיך ווי מאָטיע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אין רעסטאָראַן, זיך גענומען נאָכפרעגן אויף זיין מאַמען, און דערהערנדיק אַז איז בין געווען אין ב אַ ב י ן, ביי מיין באָבען פאַרן אַוועקפאָרן, האָט ער געוואָלט וויסן פון יעדער קליינינקייט פון זיין דערפל.

באַבין איז געווען אַ דערפל ניט ווייט פון טויטערים, וואו איך און מיין טאַטנס גאַנצע משפחה זיינען געבוירן געוואָרן.—האָב איך גלייך דערפילט דאָס „לייטישקייט" וועגן וועלכער מיין טאַטע האָט דאַן גע־רעדט. און ווען עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז איך גיי נעכטיקן צו מאָ־טיען, בין איך געווען זייער צופרידן.

— — — — — — — — — — — — — —

אַמאָל איז ניט געווען ווי היינט. — היינט מוז מען לויפן אין די דעפּאַרטמענט סטאָרס זוכן מציאות און מען מוז זיך שטופּן די מציאה צו כאַפּן; דאַן אָבער פלעגן די מציאות זיך שטופּן צום „קאָסטימער"... — אַזוי גיך ווי מיר זיינען אַרויס פון רעסטאָראַן און זיך פאַרקערעוועט אַביסל אויף אַן אַנדער גאַס, האָבן זיך גענומען אונטערשטופּן „פּוש־קאַרטס" מיט שטרויענע קאַפּעליושן איינע נאָך דער אַנדערער.

איך ווייס ניט, צי ווייל דער פעדלער איז געווען מאָטיעס אַ באַקאַנ־טער, צי ווייל מאָטיעס אויג האָט געכאַפּט, אַז דער פעדלער, וועלכן ער האָט אָפּגעשטעלט, האָט געפירט שענערע קאַפּעליושן, אָבער ער האָט מיר געזאָגט:— שלמה, קלויב דיר אַ קאַפּעליוש.

— נישטאָ וואָס צו „פיקן" — האָט דער פעדלער אַ זאָג געטאָן.

—אַלע די זעלבע סחורה, ערשט פון דער פעקטאָרי! מעסט אָן, „באַי־

טשיקל״... דער פעדלער האָט מיר גלייך אַרויפגעזעצט אַ קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, אַרויסגעשלעפּט אַ שפּיגעלע און מיר געזאָגט, — נאַ, זעסט? קוקסט שוין אויס ווי אַן אַמעריקאַנער!

ווען מאָטיע האָט באַמערקט, אַז דער קאַפּעליוש איז אַביסל צו גרויס, האָט דער פעדלער אים גלייך געענטפערט: — נו, איז וואָס? — ער וועט זיך אַנעסן אַביסל אין אַמעריקע, וועט ער אים „פּיטן״.

מאָטיע אָבער האָט זיך ניט געלאָזט נאַרן און אים געזאָגט, — אָדער גיט אים אַ קאַפּעליוש זיין „סייז״, אָדער אויס „ביזנעס״...

— אָ, איך זע, אַז איר זייט שוין ניט קיין גרינער — האָט דער פעדלער אַ זאָג געטאָן, — איר ווילט טאַקע זיין „סייז״? — דאָס וועט אייך קאָסטן אַ „קוואָדער״ מערער, — „מערער״ האָט געמיינט, ווי דער פּרייז, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעדראַקעט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און אָנגעטשעפּעט אויף אַ שטעקעלע. ער האָט גלייך אַרויסדערביוועט אַ קאַפּעליוש, וואָס איז געווען כמעט מיין „סייז״, ניט צו גרויס און ניט צו קליין און דערביי אַ קרעכץ געגעבן, — די געלע ווילן נאַר, וואָס זיי ווילן...

דאָס אָנמעסטן אַ קליינעם — אַ גרויסן קאַפּעליוש, און אַ גרויסן — אַ קליינעם, איז געווען אַ פעדלערשער „טריק״, אַרויסצוציען נאָך אַ קוואָדער.

מאָטיע האָט דעם פעדלער באַצאָלט און אים געגעבן אַ פּרעמיום מיין צעקנייטשטן קאַפּעליוש און זיך געלאָזט גיין צו די טרעפּ, וואָס פירן אַרויף צו דער באַן, וואָס פליט פון אויבן, וועלכע מע רופט ע ל ע וו יי ט אָ ר.

איצט האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס גרויסע וואונדער פון אַמעריקע: ליכט און ליכט — עס שווינדלט אַזש אין די אויגן פון די טויזנטער גאַסן־לאָמפּן און באַלויכטענע פענצטער פון שטיבער וואָס שוועבן אין דער לופטן. און פּלוצים אַרונטער — אין אַ חשכות, ווי אין אַ טיפן וואַלד, וואו ווען ניט ווען שלאָגט זיך דורך איין עלעקטריש שטערנדל — דאָס רופט מען ס אָ ב וו יי — ווײַ, ווײַ, וואָס פאַר אַ לאַנגער קעלער אונטער די שטיבער!

די גאַנצע צייט וואָס מיר זיינען געפאָרן מיטן „עלעוויטאָר־סאָבווייִ" האָב איך מיט מאָטיען כמעט ניט גערעדט, חוץ ווען דער סאָבווייִ פלעגט זיך אָפּשטעלן ביי אַ „סטיישאָן" פאַר אַ סעקונדע, צו עפענען די טירן אין דער ברייט און אַרויסלאָזן און אַריינלאָזן אַ מענגע מענטשן, וואָס מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די זעלבע מענטשן וואָס האָבן זיך געלאָזט אַרויסגיין האָבן זיך בלויז אויסגעדרייט מיט די פּנימער אויף צוריק און די טירן האָבן זיך פאַרמאַכט אונטער זיי. אַזוי שנעל איז דאָס געטאָן געוואָרן — איז אין דער סעקונדע פלעגט ער מיר געבן אַ קורצן ענטפער אויף מיינער אַ פראַגע — וואָס איז דאָס? ווייל אַז די באַן האָט גענומען רוישן האָט מען סיי־ווי נישט געהערט . . . בין איך געזעסן און באַקוקט די וואונדער, און ער איז געזעסן פאַרטיפט אין זיין צייטונג, וואָס מ'רופט „פייפער" און דער נאָמען איז „פ אָ ר וו ע ר ט ס" מיט גרויסע אותיות.

אין מיטן דערינען האָט ער זיך געגעבן אַ הויב, מיך אַ טאָרע געטאָן: — שלמה, אונדזער סטיישאָן. — די טירן האָבן זיך ווידער געגעבן אַ צעשפרייט און מיר זיינען קאָם אַרויס מיטן לעבן און הינטער מיר האָבן די טירן פון באַן זיך ווידער פאַרמאַכט און געגעבן אַ שנייד ווייטער און ווען איך האָב זיך געגעבן אַ דריי אויס אויף צוריק, האָב איך ערשט ריכטיק דערזען דעם לאַנגן שוואַרצן קעלער מיט די רעלסן . . .

מאָטיע האָט זיך וויזט אויס דערשראָקן, ווייל ער האָט מיך אַ צי געטאָן און געזאָגט: אָט־די רעלסן זיינען פול מיט עלעקטריק און אַז מע פאַלט אויף זיי אַרויף ווערט מען אַן אָפּגעבראָטענער. . . און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין די טרעפּ אַרויף און אַרויסגעקומען אויף אַ שטאַרק באַלויכטענער גאַס.

שפּאַצירנדיק צו דער הויז וואו מאָטיע האָט געוואוינט, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן: — נו, ווי געפעלט דיר עפּעס דער חילוק פון טויטעריס, אָדער אפילו טשערנאָוויטץ?. ווען מיר זיינען געגאַנגען נעמען דעם עלעוויטאָר האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין שוין געווען אין אַ גרויסער שטאָט; אַז איך בין פאַרן אַוועקפאָרן געווען אין טשערנאָוויטץ.

איין זאַך, האָב איך אים געזאָגט, געפעלט מיר ניט: מע בוקט זיך דאָ פאַר די פריצטעס פונקט ווי אין דער היים . . .

מאָטיע האָט אַ שמייכל געטאָן און מיר דערקלערט: — דאָס זיינען ניט קיין פריצהס, נאָר פשוטע אַרבעטער־מיידלעך און כּרויען, און זיי זיינען „ליידיס״. אין אַמעריקע זיינען „ליידיס פוירסט״, פרויען עטיקעט: מע טרעט איר אָפּ דאָס פּלאַץ אין וואַגאָן, ווייל זי איז אַ „ליידי״. . .

## אוי, ביטער!...

ווען מיר זיינען אַריין אין הויז האָט מיך מאָטיע פאָרגעשטעלט פאַר זיין „מיסעס״ און איר דערקלערט: אַזוי ווי מ׳האָט ניט געוואוסט אויף זיכער ווען איך קום אָן, האָט מען ניט צוגעגרייט קיין „רום״ פאַר מיר, וועל איך מוזן איבערנעכטיקן מיט אים און יונהן אין זייער צימער.

מאָטיע האָט מיך אַריינגענומען אין זיין צימער. אָנגעצונדן: — ער האָט אויסגעדרייט אַ קרענטל איך אַן אויסגעבויגן רייערל, וואָס האָט געהאנגען פון דער סטעליע צוגעלייגט אַ שוועבעלע, וואָס ער האָט אָנגעריבן אין ווינקל ביי דער טיר און עס האָט געברענט אַ בלוילעכער פלאַם . . . נאָך צוויי אַמעריקאַנער וואונדער: שוועבעלעך רייבט מען אין דער וואַנט און אַ לאָמפּ ברענט אָן אַ קנויט.

מאָטיע האָט גלייך געמאַכט פּלאַץ אונטערן בעט פאַר מיין רענצל, וואו עס זיינען געשטאַנען זיינע און יונהס רענצלעך און מיר געהייסן זיך מאַכן באַקוועם, אויסטאָן דעם „קאָוט״ און מיר טאַקע געהאָלפן אים אַרונטערנעמען פון מיר, ווייזט אויס צוליב דעם, אַז איך זאָל געוואָר ווערן, וואָס „קאָוט״ מיינט, און אים אויפגעהאנגען אויף אַ טשוואָק אויף דער וואַנט. קיין „קלאָזעטס״ אין די צימערן, איבערהויפּט אין די צימערן, וועלכע מע פלעגט פאַרדינגען צו באָרדערס, איז נאָך דאַן ניט געווען. פלעגט מען הענגען די זאַכן אויף די ווענט, געווינטלעך איבער די בעטן.

באַלד האָט די מיסעס אָנגעקלאַפּט אין טיר, אַריינגעבראַכט אַ קישן און געזאָגט מאָטיען:

— נעמט אַריין דריי טשערס פון דיינינג־רום, נעמט אַרונטער אייער בלענקעט, עס איז דאָך צו הייס צוצודעקן זיך סיזווי, און בעט אים אונטער, עס וועט אים גאַרניט שאַטן אויב עס וועט אים זיין אַביסל האַרטלעך צו שלאָפן די ערשטע נאַכט אין אַמעריקע. זאָל ער געוואָר ווערן אַז עס איז דאָ נישט אַזוי „סאָפט״ ווי מע מיינט אין דר׳יים. יאָ—זאָגט זי ווייטער—פירט אים אַריין און זאָל ער נעמען אַ „בעטה״, ווייל עס איז נאָך דאָ הייסע וואַסער, און פאַרן שלאָפן גיט אים אַ לעפל ביטערזאַלץ, איך האָב ביטערזאַלץ.

— — — — — — — — — — — — — —

עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך בין דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געלעגן אין אַ „ביטל״. דער פריץ, פלעגט מען זאָגן אין טויטעריס, האָט אַן אייגן ביטל, וואָס מע פילט דאָס אָן מיט הייסע וואַסער, ווען ער וויל נעמען אַ באָד. די וואַסער פלעגט מען אויפזידן אין קעסלען און אָנגיסן אין ביטל — און דאָ איז דאָס ביטל איינגעמויערט אין „האָל״ אין אַ באַזונדער שטיבל און דאָס וואַסער צאַפּט זיך פון דער וואַנט.

ווען איך בין אַרויס פון ביטל, איז שוין די מיסעס געשטאַנען מיט אַ גלאָז וואַסער, ביטער ווי גאַל, און מיך געצוואונגען אויסצוטרינקען ביזן דנאָ.

— ביטערזאַלץ איז בעסער פון ריצנאייל, עס וועט אויסרייניקן דעם גאַנצן שמוץ, וואָס האָט זיך אין דיר אָנגעקליבן אין שיף — האָט זי געזאָגט.

מיר איז בלויז געווען פאַרדראָסיק אויף דער גוטער וועטשערע, וואָס איז מיר נאָך געלעגן אין טעם, און זי, די מיסעס, האָט זי מיר אַזוי פאַרביטערט.

— — — — — — — — — — — — — —

דאָס ביטערזאַלץ האָט דורך דער נאַכט אַרויסגעביטערט...פון מיר ניט נאָר לייבל שייפערס וואַרעניקעס און וועטשערע, נאָר דאַכט מיר, די לעצטע וועטשערע אפילו, וואָס איך האָב נאָך געגעסן מיט מיין טאַטע־מאַמע, און איך בין אויפגעשטאַנען אַ געלייטערטער...דאָך אַביסל פאַר־שטיקט, עס האָט געפעלט די טויטעריסער פרישע לופט אין צימער.

מיין קוזין יונה, ווען מען איך האָב געזען צום ערשטן מאָל, ווייל ווען ער איז געקומען ביין איך שוין געהאַט געשלאָפן, האָט מיר דער־לאַנגט דורך די שפּאַרעס פון בענקל אַ שלום־עליכם:

— טו זיך אָן, שלמה, וועלן מיר פאָרן עסן איבערבייסן—דאַון־טאַון. געוואוינט האָט מאַטיע „אַפּטאַון".

עס האָט מיר ניט גענומען לאַנג אַרויפצושלעפּן אויף זיך מיינע צעקנייטשטע בגדים. איך האָב געהאָלפן מאַטיען צוצונעמען מיין „הע־סע־בעט". ביים אַרויסטראָגן די בענקלעך צוריק אין עס־צימער, האָט מיר מאַטיע אָנגעוויזן אין קיך דעם „סינק". מיך האָט מען געלאָזט זיך וואַשן דער ערשטער. מאַטיע האָט מיר אויפגעדרייט דעם קראַן, האָב איך זיך אָפּגעפּליאַסקעט דאָס פּנים מיט אַביסל קאַלט וואַסער און בין אַריין צוריק אין „רום", אַרויסגעשלעפּט די תפילין פון מיין רענצל און זיי אָנגעטאָן...

ווען יונה איז אַריינגעקומען אָן אויסגעפּוצטער, אָן אויסגעגלעטער און מיך דערזען אין די תפילין, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— יאָלד! אין אַמעריקע דאַוונט מען ניט!

## פאַרזיכערט...

אַז איך בין אין אַמעריקע — האָט מיך מיין פעטער פּיניע פאַר־זיכערט.

אַז אין אַמעריקע דאַוונט מען ניט — האָט מיך מיין קאָזין יונה פאַרזיכערט.

אַז רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק — האָט דער סאָציאַליזם — דורכן מויל פון מיין פעטער מאַטיע מיך פאַרזיכערט.

איז נאָך געבליבן אַיין פראַגע — ווי אַזוי פאַרזיכערט מען מיך מיט פּרנסה,— אַ „דזשאָב",— אַ „טרעיד"!

דער רעסטאָראַן האָט אויסגעקוקט יום־טובדיק יענעם זונטיק איב־דערפרי. די טישן זיינען געווען געגרייט מיט קוילעטשלעך, פּלעצלעך און בייגל, ווי צו אַ חתונה.

דער ייד מיט די קרומע פיס, אין אַ רייך, ווייס פאַרטוך, האָט גע־שמייעט פון איין טישל צום צווייטן, האָט אונטערגעטראָגן: — אַ פרענטש קאָפע! — אַ הייסע גלאָז מילך! — נאָך בייגל! די זעלבע „יענקיס" זיינען געזעסן אַרום די טישן און זיך געלאָזט וואוילגיין... ווען זיי האָבן מיך דערזען מיט מאָטיען אַריינקומען, האָבן זיי מיר ווידער געמאַכט אַ וואָרע:

— גוד מאָרנינג, הער בוקאָווינער!

— ווי איז זיך עפעס געשלאָפן אין קאָלומבוסעס מדינה?

— האָט מען דיך מכבד געווען נעכטן מיט קאָלומבוסעס ביטערער משקה? — דאָס האָבן זיי געמיינט דאָס ביטערזאַלץ, מיט וועלכן מען פלעגט יעדן גרינעם מכבד זיין דעם ערשטן אויפדערנאַכט נאָך זיין אָנ־קומען. מאָטיע האָט מיך געטרייסט, אַז איך זאָל די לצים ניט נעמען ערנסט. מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט ביי אַ טישל. מאָטיע האָט גלייך באַ־שטימט, אַז די בעסטע זאַך פאַר מיר, נאָך קאָלומבוסעס משקה, איז אַ הייסע גלאָז מילך פאַר איבערבייסן; און איך האָב טאַקע באַלד אָנגע־הויבן טונקען די פרישע אַמעריקאַנער „ראָלס" און פוכקע בייגל אין דער הייסער מילך און גענומען שלינגען.

עס האָבן זיך צוגערוקט מאָטיעס אַ פאָר פריינט. אויך יונה, וואָס האָט זיך געהאַט אוועקגעזעצט פריער ביי אַן אַנדער טישל, איז צוגע־קומען. באַלד איז אויך אַריינגעקומען מיין פעטער שיע, מיין מאַמעס אַ ברודער, וועמען מיין פעטער פיניע האָט געלאָזט וויסן, אַז איך בין שוין דאָ.

מאָטיע האָט גלייך געמאַכט פלאַץ פאַר אים ביים טישל. עס האָט אויסגעקוקט, ווי מען וואָלט געווען געוואַרט אויף אים. אמת, ער איז געווען פיל עלטער פון מיינע פעטערס פון טאַטנס צד און האָט נאָך גע־טראָגן די היימישע באָרד... באַלד האָט זיך טאַקע אַרויסגעצייגט, אַז מאָ־טיע איז געווען זייער צופרידן, וואָס מיין פעטער שיע האָט זיך אַריינ־געיאַוועט; ווייל ווען עס האָט זיך געגומען האַנדלען וועגן פרנסה, אַמע־ריקאַנער פרנסה — אַ „טרעיד", האָט מיין פעטער שיע געהאָלפן לייזן דאָס פּראָבלעם.

מיין פעטער מאָטיע האָט בשום אופן ניט געוואָלט, אַז איך זאָל זיך

אַריינלאָזן אין דער „פּאַריער טרעיד״, וואָס די פּאָר באַקאַנטע, וועלכע זיינען געזעסן אַרום טישל, האָבן פאַרגעשלאָגן:

— ער איז נאָך צו יונג אַריינצוקריכן אין די פאַרשטונקענע ביזנעס — האָט ער געטענהט. — אונדזער טרעיד גיט געגוג אַסטמעניקעס און טי־בי־ניקעס, און עס פעלט איר ניט קיין נייע קאַנדידאַטן. וואָס הערט זיך אין אייער „טרייד״?—האָט ער זיך געווענדעט צו מיין פעטער שיע.

— האַ, ס׳איז קיין טרייד ניט!—האָט מיין פעטער שיע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און גענומען אויפקלערן, וואָרום זיין טרעיד טויג ניט. ער איז געווען אַ פּרעסער ביי „ני־פּענטס״.

—„ני־פּענטס״—אַ „טרייד״—האָט ער געזאָגט—וואָס האָט לאַנגע „סלעקס״ און קורצע „סיזאָנס״, און אין סיזאָן? וואָס פאַרדינט מען, מישטיינס געזאָגט!... וואָסער אויף קאַשע.—איך מוז זיך שוין האַלטן דערביי, ווייל ביי מיר איז דאָס אַ צייטווייליקע זאַך. איך וועל אָפּ־אַרבעטן מירטשעם דעם „פאָל״ און באַלד נאָכן „ספּרינג סיזאָן״ פאָר איך צוריק אַהיים.

מיין פעטער שיע איז אין דער היים געווען אַ מילנער, פונקט ווי די גאַנצע משפחה מייך מאַמעס. אַז מע האָט אים אויסגעדונגען די מיל און ער איז געבליבן אָן פּרנסה, איז ער געפאָרן קיין אַמעריקע, אָפּצו־שפּאָרן עטלעכע הונדערט דאָלער און פאָרן צוריק אַהיים. ווי אַ סך יידן פלעגן דאָן טאָן.

— ביין—האָט מיין פעטער שיע ווייטער געזאָגט—ני־פּענטס איז ניט קיין תּכלית!

— אפשר וועל איך אים קאָנען אַרויפנעמען צו מיר אין שאָפּ פאַר אַן אונטערפּרעסער—האָט איינער פון מאָטיעס פריינט אַ זאָג געטאָן, ער איז געווען אַ פּרעסער ביי „סקווירטס״.

— ביזט משוגע—האָט אים מאָטיע אָפּגעענטפערט—ווי האָט ער דען כוח צו הויבן אַ פּרעסל?

דורך דער גאַנצער צייט וואָס דאָס גערייד איז אָנגעגאַנגען בין איך געזעסן ביים טיש און זיך געפילט ווי אונזער קעלבל, וואָס איך מיט מיין ברודער אברהם האָבן געפירט אויפן יאַריד.

דער געשפּרעך איז זיך אָנגעגאַנגען ווייטער. מוחות האָבן גע־קלערט... מיילער האָבן גערעדט צו מיר אומפּאַרשטענדלעכע ווערטער, ביז ענדלעך איז מיין פעטער שיע אַרויסגעקומען מיט אַ גאַר פאַר־שטענדלעכן פּלאַן:

— איך האָב דאָ אַ שוועסטער מיינערס אַ זון. ער איז אַ „לײדיס ווייסט אָפּרייטער." אפשר וועט ער, מיין שמואל, אים קאָנען אַרויפנעמען צו זיך אין שאָפּ?

ווען מיין פעטער מאַטיע האָט דערהערט „לײדיס ווייסט", איז ער גאָר אַנאַנדער מענטש געוואָרן. ער האָט גלייך צוגעשטימט און אַלע מיט אים: אָט־דאָס איז אַ טרייד!...

איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז „לײדיס ווייסט" איז ניט נאָר געווען אַ טרייד, ביי וועלכער מ'האָט געקאָנט פאַרדינען בעסער ווי ביי אַנדערע „טריידס", נאָר עס איז געווען די טרייד פון דער יידישער אינטעליגענץ אין יענער צייט. אַלע געוועזענע גימנאַזיסטן און גימ־נאַזיסטקעס, איבערהויפּט רוסישע, און גלאַט אידעלע יונגעלייט און באַלעבאַטישע מיידלעך האָבן געאַרבעט פאַר „לײדיס ווייסטס."

— איר האָט אפשר צייט צוצוגיין צון אייער נעפיו זיך דורכצו־ריידן מיט אים? — האָט מאַטיע אים גלייך געפרעגט.

— וואָס הייסט צי איך האָב צייט? און ווען איך האָב ניט קיין צייט, וואָלט איך געפונען צייט.—האָט מיין פעטער שיע אים געזאָגט.

ער איז דאָך מיינער אַן אייגענער, ווי ער איז אייערער: ביי אייך איז ער אייער ברודערס יינגל און ביי מיר איז ער מיין שוועסטערס קינד. און שמואל איז דאָך זיינער אַן אייגענער קוזין — האָט ער אָנגע־וויזן אויף מיר.—זיין מאַמע און שמואלס מאַמע זיינען מיינע שוועסטער. און אויב שמואל וועט קאָנען עפּעס טאָן וועט ער זיכער טאָן.

— קום שלמה—האָט ער זיך געווענדעט צו מיר—וועלן מיר אַרויפגייען צו שמואלן.

מאַטיע האָט אים שטאַרק אָפּגעדאַנקט. און איך בין פאַר אַ ווײלע אַריבער פון מאַטיעס רשות אין מיין פעטער שיעס...

# מיין פעטער שיע

צו זיין אין מיין פעטער שיעס רשות, ווען אפילו בלויז פּאַר אַ קורצער ווילע, האָט זיך מיר געפֿילט זייער גוט.

קיין ענדערונג אין זיין אויסזעען האָט אַמעריקע נאָך ניט געהאַט געמאַכט, חוץ וואָס ער האָט געטראָגן אַ קורץ רעקל אָנשטאָט אַ לאַנגס, ווי ער פֿלעגט טראָגן אין ד׳ר׳יים, איז ער געבליבן דערזעלבער היימישער ייִד ווי געווען. אפילו דער גאַנג איז ביי אים געווען אַ היימיש געמיטלעכער, ניט קיין געאיילטער. זיינען מיר געגאַנגען פּאַוואָליע און ער האָט זיך געהאַלטן אין נאָכפֿרעגן, צוערשט אויף זיין אייגענער ווייב, דערנאָך אויף יעדן איינעם פֿון דער משפּחה, און אונטערגע־קרעכצט, וואָס ער האָט געמוזט פֿאַרוואָגלט ווערן אין אַזאַ וויטן לאַנד, און וואָס די ווייב וואָגלט נעבעך דאָרט, ווייל קיין גרויסע פֿאַרמעגנס פֿון אַמעריקע האָט ער דאָך איר ניט געקאָנט שיקן; ווייל ווען ער וואָלט זיך צופּיל צ ע ש י ק ט און זיך אַליין אויך פֿאַרגונען אַביסעלע מ י י ן . . . וואָלט דאָך גאָרנישט געבליבן . . . זיין איינציקע האָפֿענונג איז דאָך אָפּצושפּאָרן עטלעכע הונדערט רייִנעש — אַ דריי הונדערט דאָלער כאָטש, אַז ער זאָל האָבן מיט וואָס צו צעפֿירן זיך די הענט ווען ער וועט קומען אַהיים.

ווען וואָלט ער אַוודאי געוואָלט דינגען אַ מיל, אָבער אַזוי ווי קיין נייע מילן בויען דאָך ניט די פּריצים — מיינט דאָך א ו י ס־ ד ו נ ג ע ן . . . דאָס וועט ער ניט טאָן. — אַ ר ו י ס ר י י ס ן דעם ביסן פֿון מויל ביי אַ אַ יידן — ניין !.. . . וועט ער זיך אפשר נעמען צו מ ס ח ר ? . . . דער אויבערשטער זאָל נאָר העלפֿן, אַז דער „פּאָל״ און „ספּרינג״ זאָלן זיין גוטע — לאַנגע הייסט עס, אָפּצואַרבעטן כאָטש צו דריי חדשים „סטרייט״. . . .

— אַמעריקע איז גוט פֿאַר יונגעלייט — האָט ער מיך גענומען דער־מוטיקן. — דו האָסט זיך ניט וואָס צו זאָרגן, שלמה, דו וועסט מאַכן גוט אין אַמעריקע. קיין ווייב און קינדער האָסטו נאָך ניט. דיין טאַטע באַ־דאַרף חלילה צו דיר ניט אָנקומען, אַז דו זאָלסט אים ש י ק ן...

וועסטו זיך קאָנען צושלאָגן צו אַ גוטן „טרייד“ און וועסט זיין „אָלרייט“!

מיט אַט־דער דערמוטיקונג זיינער איז מיין פעטער שיע אַריין אין אַ האַלב פינצטערן אַריינגאַנג און איך נאָך אים.

מיר האָט דער אַריינגאַנג אויסגעזען ווי דער האַלדז וואָס האָט געפירט צו אונדז אין קעלער, נאָר מיט איין חילוק בלויז, וואָס אין אונ־דזער קעלער האָבן געפירט די טרעפּ אַרונטער אין קעלער אַריין, און דאָ האָבן זיך די טרעפּ, אין דער לינקער זייט, געצויגן אַרויף!

— צייל די טרעפּ—האָט מיר מיין פעטער שיע געזאָגט—וועט דיר זיין גרינגער אַרויפצוגיין.

איך האָב אים געפאָלגט און פאַוואָלינקע זיינען מיר אַרויף עט, עט אויפן פינפטן שטאָק.

מיין פעטער שיע האָט זיך אָפּגעווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן, זיך פאַרדרייט רעכטס און איז אַריין אין אַן אָפענער טיר, און איך נאָך אים.

# מיין קוזין שמואל

אויב מען האָט אַמאָל, ביי מיין קוזין שמואלס עלטערן געקאָכט אַ יאַיכעלע אינדערוואָכן, איז דאָס געווען פאַר שמואלן—פלעגט מען זאָגן.

די עלטערן זיינע זיינען געווען אָרימעלייט, אָבער ניט פון די אָרימעלייט וואָס מאַכן זייער אָרימקייט ניט פאַר קיין סוד—נאָר פון די, וואָס קנייפּן זיך די באַקן אַז די פאַרב זאָל שטיין. איבערהויפּט ווען עס איז געקומען צו שמואלן.

שמואל איז געווען אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן, אַ קדיש. האָט מען אים געהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ און דערצויגן מיט ציטערדיקע הענט... מ׳האָט אויך געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף אים. ער האָט זיך גוט געלערנט; ער איז געווען זייער פרום; האָט געדאַוונט זייער שיין פאַרן עמוד; האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע שיינע האַנטשריפט און פלעגט אויך שניצן.

די באָרד זיינע, וואָס ער פלעגט שוין דאָ אין אַמעריקע אונטער־צופּן, זי זאָל זיך ניט צעוואַקסן צו גרויס, האָט אים צוגעגעבן חן. ער איז געווען זייער אַ שיינער מאַנסביל.

די אַלע מעלות זיינע און פּערזענלעכער אויסזען און דאָס קנייפּן זיך אין די באַקן אַז די פאַרב זאָל שטיין, האָבן אין דער אַלטער היים ניט געגעבן גענוג אויף צו דערנערן אַ ווייב מיט צוויי קינדער — איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

אָבער אויך דאָ אין אַמעריקע האָבן זיינע מעלות צופיל ניט געגעבן.

זיין שיין שרייבן האָט אים געמאַכט פאַר סעקרעטאַר פון זיין סאָסייטי.

זיין שיין דאַווענען—האָט אים געגעבן אַמאָל אַביסל כבוד, און ווען ניט־ווען עטלעכע דאָלער פאַר אַ ימים־נוראים דאַווענען.

דאָס שניצערײַ זיינס—איז שוין געווען ריינע צייט־פאַרטרייב.—ווען דו אויגן פלעגן זיך נעמען קלעפּן ביי אַ ספר—אין וואָס ער פלעגט אָפּט אַריינקוקן—פלעגט ער זיך נעמען צום מעסערל און שטיקל האָלץ... פּרנסה אָבער?—האָט ער געמוזט ווערן אַן אָפּערייטאָר ביי ליידיס „וויסטן".

* * *

צופיל זיך לאָזן וואוילגיין פון „אָפּערייטאָריי" האָט מען יענע יאָרן ניט געקאָנט. כאָטש ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע איז ער שוין געווען אַ „סעט אָפּערייטאָר"—דאָס האָט געהייסן: דער הויפּט אָפּערייטאָר איבער פיר מאַשינען. די פאַרדינסטן אָבער זיינען געווען גאַנץ קליינע, איבערהויפּט ביי אַ יידן אַ שומר שבת—און שמואל איז געווען ניט נאָר אַ שומר שבת, נאָר אַ שומר מצוות אויך. זיין גאַנץ לעבן האָט ער קיין קאָמפּראָמיסן אויפן רעליגיעזן געביט קיינמאָל ניט געמאַכט. ווי „ביזי" עס איז ניט געווען אין שאָפּ, ווען אָבער עס איז געקומען מנחה צייט, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון דער מאַשין און זיך געשטעלט שמונה־עשרה. די יאַרמעלקע איז פון זיין קאָפּ קיינמאָל ניט אַראָפּ, פּונקט ווי זיין באָרד פון זיין רבניש פּנים.

* * *

ווען מיין פעטער שיע און איך האָבן איבערגעשפּאַנט די שוועל פון דער אָפענער טיר, האָבן מיר געטראָפן שמואלן זיצן ביים טיש אין די ווייסע אַרבל מיט אַרעמבבענדער, זיך שפּיגלען אין עפּעס אַ שני־צעריי, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט.

אויף מיין פעטער שיעס ברייטן „גיט עלעף" (גאָט העלף) האָבן מיר געקראָגן צוגעווינטשעוועט: אַ גוט יאָר מיט אַן איינלאַדונג:

— קומט אַריין, קומט אַריין; זעצט זיך!

— איך האָב דיר געבראַכט אַ גאַסט, שמואל—האָט מיין פעטער געזאָגט.—דאָס איז שלמה, מיין קריינדלס ייִנגל.

שמואל האָט מיר דערלאַנגט אַ רבנישן שלום־עליכם און האָט זיך געגעבן אַ גלעט אויך אַ צופּ זיין קיילעכדיק בערדל, ווי זיין טבע איז געווען, און שמייכלענדיק אַ זאָג געטאָן:—דו ווייסט פעטער, ווען איך קוק אויף אים, זע איך פאַר זיך די מומע קריינדל. — דינצע, דינצע! — האָט ער גענומען רופן זיין ווייב—מיר האָבן געסט—קום אַריין!

דינצע איז אַריינגעקומען פון דער קיך, ווישנדיק זיך מיטן פאַרטוך דאָס פאַרפּלאָמטע פּנים, און שמואל האָט איר געגעבן אַ פרעג:

— קאָנסט טרעפן ווער דאָס ייִנגל איז?

— וואָס הייסט טרעפן! — האָט זי אים אָפּגעענטפערט—אַ, וואָס פאַר אַ שיין ייִנגל, נאָך כמעט אַ קינד.

— ווען ביזטו געקומען?—האָט זי מיר געפרעגט.

— נעכטן, נעכטן איז אָנגעקומען די שיף.

— אוי ווי איז מיר? ביזט געקומען אַליין? ביזט דאָך כמעט אַ קינד! נו, זאָג־זשע מיר, וועמעס ייִנגל ביזטו?

קריינדל איז מיין מאַמע, האָב איך איר דעם סוד אַנטפּלעקט.

— אוי, איך מעג זיך שעמען, וואָס איך האָב דיך ניט דערקאָנט. איך זע דאָך איצט קריינדלען פאַר מיינע אויגן. וואָס שטייסטו? זעץ זיך אַנידער. אוי ווי איז מיר, נאָך גאָר אַ קינד, איינער אַליין... און אַזוי רעדנדיק איז זי אַריין אין קיך. באַלד געבראַכט אַ פלאַש סעלצער וואַסער מיט גלעזער.—נעמט אַ קאַלטן טרונק. קילט זיך אָפּ אַביסל. אַזאַ היץ היינט! טו אויס דאָס רעקל. שעם זיך ניט, עס מאַכט ניט אויס, וואָס

דיין העמד איז אַ יוראָפּשע, ביזט צווישן אייגענע מענטשן. זי האָט מיר אָנגעגאָסן אַביסל סעלצער אין אַ גלאָז און אָוועקגעשטעלט די פלאַש לעבן מיין קוזין שמואל, ווי איינער רעדט: זאָל ער באַדינען דעם פעטער שיע, און האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט ביים טיש.

## מיין קוזינע דינצע

מיין קוזין שמואלס ווייב האָט געהייסן דינצע. זי איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ בריה.

אין דער אמתן געזאָגט, אויב די פרויען זיינען קיין בריות ניט געווען, האָבן זיי געמוזט ווערן בריות. ווייל קיין גרויסע געלטער האָבן די מענער ניט פאַרדינט און קינדער זיינען גאָט צו דאַנקען געווען. עסן האָבן אַלע באַדאַרפט. „רענט" האָט מען געמוזט צאָלן, האָט מען געהאַלטן „באָרדערס". אין דער אמתן האָט דינצע ניט געהאַט קיין באָרדערס. זי האָט געהאַלטן בלויז אייגענע — אירע דריי ברידער און אירן אַ שוואָגער. געוואוינט האָט מען אין דריי צימערן מיט אַ קיכל. נאָך ביז היינט־צו־טאָג קען איך ניט אויסרעכענען ווי אַזוי אַלע זיינען געשלאָפן. עס קוקט אָבער אויס, וואָס אייגענע קענען טאָן קאָנען קיין פרעמדע ניט באַווייזן.

דערצו האָט זי נאָך געהאַט „סאַפּערניקעס". מיינער אַ קוזין האָט דאָרט געגעסן סאַפּערס, און איך, ווען איך בין אַרונטער פון מיין פעטער פיניעס קעסט און שוין געקאָנט צאָלן פון מיינע אייגענע פאַרדינסטן האָב איך אויך געגעסן ביי דינצען „סאַפּערס". אָבער איך מיט מיין קוזין מיכל זיינען דאָך אויך ניט געווען קיין פרעמדע, נאָר אייגענע, אייגענע קוזינס פון איר מאַן שמואל—איז אום צו באַדינען אַזאַ כאָפּטע האָט מען באַדאַרפט זיין אַ בריה. אמת, זי פלעגט קריגן אַביסל הילף פון די קינדער.

ווען איך האָב דאָרטן אָנגעהויבן עסן סאַפּערס פלעגן די קינדער איר שוין אַרויסהעלפן. שמואל מיט דינצען האָבן דאָן געהאַט פיר

קינדער. איז ניט נאָר פריידע מיט דבורהן, די מיידלעך, וועלכע זיינען געוועזן אַ פיר־פינף יאָר יונגער פון מיר, זיינען שוין געווען, הייסט עס, עלטערע קינדער, נאָר סעמי, דער יינגל, און דאָס גאָר קליינע מיידעלע שיינדל, פלעגן אַלע ווערן „ביזי״ ווי די בינען ווען די „באָרדערס״ מיט די „סאָפּערניקעס״ פלעגן אַריינשפּאַנען פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט.

איך בין ניט אײנגאַנצן זיכער, צי האָבן די קינדער אַרומגעטאַנצט אַרום די געהויבענע געסט צוליב דעם, ווייל זיי האָבן געוואָלט אַרויס־העלפן זייער מאַמע אין איר בריהשקייט, צי צוליב די פּעניעס, וואָס זיי פלעגן קריגן כמעט טאָג־טעגלעך פון זייערע אָנקלס און קוזינס, חוץ פון איין אָנקל, זייער אָנקל בעריש. ער האָט אין די קינדערשע אייגעלעך קיינמאָל ניט אויסגעקוקט ווי אַן „אָנקל־פּעני״, ווייל ער איז געקומען קיין אַמעריקע מיטן געדאַנק אָפּצושפּאָרן פינף הונדערט דאָלער און פאָרן צוריק קיין „יוראָפּ״, און כדי אָנצוזאַמלען אַזאַ סומע געלט אין יענע יאָרן, האָט מען געמוזט שפּאָרן און צוזאַמענ־לייגן פּעני צו פּעני, כדי עס זאָל ווערן אַ גאַנצער טאָלער. האָט ער זיך טאַקע מיט די הייליקע פּעניס ניט געשיידט. צום קרעדיט אָבער פון די קינדער מוז איך צוגעבן, אַז זיי האָבן זייער אָנקל בעריש אויך ניט פאַרנאַכלעסיקט.

* * *

מיין פעטער שיע האָט גענומען דערציילן שמואלן וועגן וואָס עס האָט זיך געהאַנדלט אין רעסטאָראַן, וואו ער האָט מיך געטראָפן. און כאָטש מיינע פעטערס, מיין טאַטנס ברידער, זיינען אַלע „פּאָריערס״, ווילן זיי מיך דווקא פאַר קיין „פּאָריער״ ניט מאַכן. האָט ער פאָרגע־שלאָגן — עפּעס בין איך דאָך זיינער אַן אייגענער אויך — אַז ער, שמואל, זאָל מיך אַרויפנעמען צו זיך אין שאַפּ און מיר העלפן ווערן אַ „ליידיס ווייסט אָפּערייטאָר.״

— עפּעס איז ער דאָך דיינער אַן אייגענער אויך, אַן אייגן שוועס־טערקינד — האָט דער פעטער שיע צוגעגעבן:

— עס איז אַ בעסערע און ריינערע מלאכה ווי „פּאָריריי״. חוץ דעם וואָלסטו געקאָנט אַביסל אַכטונג געבן אויף אים. ער איז דאָך נאָך

אַ קינד — אַז ער זאָל ניט אַזוי פאַרגויאישט ווערן ווי די אַנדערע...

שמואל האָט גלייך צוגעגעבן, אַז עס איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן, נאָר עס איז דאָ איין צרה: דער „פאַרמאַן". דאָס איז אַזאַ כלב, אַזאַ רשע, אַז ער נעמט ניט אַריין קיין לערנערס אומזיסט. מע מוז אים צוצאָלן!

— עס קומען אַריין אַ סך גרינע און זיי קלאַפּן אים אָפּ די טירן. איז אַ פראַגע צי זיינע פעטערס וועלן זיין צופרידן צו געבן דעם פאַרמאַן געלט? — האָט שמואל בנעימותדיק געפרעגט, און צוגעגעבן: — איך ביי מיין בעסטן ווילן, קאָן אים מיט קיין געלט ניט העלפן.

הערנדיק אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, און זייענדיק אונטער דער באַגייסטערונג פון מיין פעטער מאָטיע און די אַנדערע אין רעסטאָראַן פאַר „לײדיס ווייסט אַפּערייטאָר", האָב איך געזאָגט שמואלן, אַז געלט האָב איך אייגענע — איך האָב זעכצן טאָלער אין מיין וועסטל־קעשענע, וואָס מיין טאַטע האָט מיר מיטגעגעבן.

ווען שמואל מיט מיין פעטער שיע האָבן דערהערט פון דעם גרויסן אוצר, וואָס איך טראָג מיט זיך אַרום, האָט זיך אַ שמייכל צעגאָסן אויף זייערע פּנימער, ווי איינער זאָגט: שלמה, ביזט אַ ל יי ד י ס ווייסט אַ פּ ע ר יי ט אָ ר.

מיין פעטער שיע האָט שוין ניט אָפּגעלאָזט שמואלן און אים — ניט געבעטן, ניט געהייסן — נאָר מיט אַן א פ ש ר — צוגיין זיך דורכריידן מיט זיין פ אַ ר מ אַ ן, וועלכער האָט געוואוינט ניט ווייט.

שמואל האָט פאַמעלינקע אַראָפּגעגליטשט די יאַרמעלקע פון זיין קאָפּ, אָנגעטאָן אַ קאַפּעליוש און איז אַוועקגעגאַנגען צום פאַרמאַן.

איך מיט מיין פעטער שיען האָבן גראַדע געוואָלט מיטגיין מיט שמואלן, אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט מיין קוזינע דינצע, שמואלס ווייב:

— וואוהין וועט איר זיך שלעפּן אין אַזאַ היץ? זיצט דאָ ביז שמואל וועט קומען וועלן מיר עסן אָנבייסן. איר, פעטער שיע, האָט שוין לאַנג ניט פאַרזוכט מיינעם אַ ראָסל־פלייש, און ער, שלמה, איז דאָך אַ גאַסט. — ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון מיר, גיט זי אַ זאָג: —

אוי ווי איז מיר, ביזט דאָך נאָך אַ קינד, אַזאַ שיין יינגל און די מאַמע האָט דיך געלאָזט אַליין פאַרן קיין אַמעריקע!

מיין פעטער שיע האָט מיט שטאָלץ איר אָפּגעענטפערט: — אין אונדזער משפחה זיינען נישטאָ קיין פאַרשלאָפענע.

דינצע האָט נאָך אַפּאָר מאָל איבערגעחזרט דיזעלבע רייד: — אַזאַ שיין יינגל... נאָך אַ קינד... איינער אַליין... און גענומען גרייטן צום טיש.

באַלד האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען די קינדער, פאַר וועמען זי האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס זייער נייער קוזין, און נאָך אַ פּאָר מענטשן, אירע ברידער, פאַר וועמען זי האָט מיך פאָרגעשטעלט:—שמואלס שוועסטערקינד, שלמה. און ווען שמואל איז אַרויפגעקומען מיט אַ — „אי איז דאָס אַ כלב"!

— ער וויל פּופצן דאָלער פאַר דער טובה און אַמוויינקסטנס צוויי וואָכן אַרבעטן אומזיסט. האָט דינצע אַ פּראַווע געטאָן, אַז מע זאָל גיין זיך וואַשן צום עסן.—און ביים טיש איז באַשטימט געוואָרן:

— אַז מ'דאַרף דעם גנב שניידט מען אים אָפּ פון דער תליה.

מיין פעטער שיע האָט טאַקע געהאַלטן, אַז דער פאַרמאַן איז ניט נאָר אַ כלב, נאָר אַ גזלן אויך. — אָבער—האָט ער געזאָגט—וואָס קאָן מען זיך העלפן?

פאַרן אַוועקגיין האָט ער מיר געהייסן געבן שמואלן די פופצן דאָלער מיט אַ תנאי, אַז אויב מיינע פעטערס, פיניע און מאָטיע, וועלן ניט צושטימען דערצו, זאָל מען קומען אָפּנעמען דאָס געלט.

— אויב זיי שטימען איין, די פעטערס מיינע, הייסט דאָס — האָט מיר שמואל געזאָגט — זאָל איך זיין ביי אים מיטוואָך, זיבן אַזייגער אינדערפרי. דער פאַרמאַן האָט געהייסן אַרויפקומען ערשט מיטוואָך. און איך וועל שוין מיט אים גיין צו דער אַרבעט. — — —

מיין קוזינע דינצע האָט מיך אַרויסבאַגלייט מיט אַ פאַרזיכערונג, אַז שמואל, איר מאַן, וועט שוין אַכטונג געבן, אַז דער כלב, דער פאַר־מאַן, זאָל ניט נאָר צונעמען אַזאַ גרודע גאָלד, נאָר מיך טאַקע אויסלערנען די מלאכה אויך.

# א י י ג ע נ ע

מיט פעסטע טריט האָט מיין פעטער שיע אַראָפּגעשפּאַנט די טרעפּ פון שמואלס פינפטן גאָרן און איך נאָך אים.

אויפן וועג צו לייבל שייפערס רעסטאָראַן, וואוהין מיין פעטער מאָטיע האָט מיך געהייסן צוריקברענגען, האָט מיין פעטער שיע מיט צופרידנ־קייט אַ זאָג געטאָן:

— זעסט, א י י ג ע נ ע זאָל מען האָבן!

— — — — — — — — — — — — — —

ווען מיר זיינען אַריין אין רעסטאָראַן איז שוין מיין פעטער פּיניע געווען פון דער אַרבעט; איז געזעסן ביי אַ טישל מיט זיין יונגסטן ברודער איציק, אויך מיינער אַ פעטער, און זיך געקוויקט מיט לייבעלע שייפערס גוטע מאכלים.

אויף מיין פעטער פּיניעס פראַגע: — וואו ביזטו געווען, שלמה? און אין איין וועגס מיר אָנגעוויזן: — דאָס איז איציק! — האָט מיין פעטער שיע מיר געגעבן אַן ענטפער:

— איך האָב אים אַרויפגענומען צו שמואלן, מיין שוועסטערס אַ זון, שלמהס אַן אייגענער קוזין. שמואל איז אַוועק צום פאָרמאַן און געפּועלט ביי אים, אַז פאַר 15 דאלער זאָל ער אים אַרויפנעמען און מאַכן אים פאַר אַ ליידיס וויסט אָפּערייטאָר. — אויב איר זייט מסכים — פופצן דאלער איז אַ סך געלט.

— אַוודאי בין איך מסכים — האָט פּיניע גלייך געענטפערט — קיינער נעמט ניט אַרויף אין אַ שאַפּ לערנען אַ „טרייד" אומזיסט, איבערהויפּט צו „ליידיס וויסטס". עס איז ניט קיין „פאַר", וואָס, אַז מע מאַכט עפּעס קאַליע קאָן מען דאָס פאַרריכטן. ביי „וויסטן" אַז מע מאַכט קאַליע אַ שטיק סחורה, באַדאַרף מען דאָס אַרויסוואַרפן.

— קומט צו, ר' שיע, מאָרגן פאַרנאַכט, וועל איך אייך געבן די פופצן דאלער.

— איך האָב שמואלן געגעבן מיינע אייגענע פופצן דאלער — האָב

איך זיך אַריינגעמישט — פון די זעכצן דאלער וואָס מיר איז נאָך געבליבן, וואָס דער טאַטע האָט מיר מיטגעגעבן.

— אויב אַזוי, קומט דאָך דיר וואַרעניקעס און אייך, רב שיע אויך!

— מיר זיינען פליישיק — האָט מיין פעטער שיע געענטפערט פאַר אונדז ביידן, — אונדזער דינצע, שמואלס ווייב, האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ היימישן ראָסל־פלייש. אַי, איר הערט, א י י ג ע נ ע זאָל מען האָבן . . .

אָט מיט די ווערטער האָט זיך מיין פעטער שיע אָפּגעזעגנט מיט מיר און מיר אָנגעזאָגט: ניט פאַרגעסן מיטוואָך, זיבן אַזייגער אינדערפרי, צוצוגיין צו שמואלן. מיר געגעבן שמואלס אַדרעס און איז אַוועקגעגאַנגען.

באַלד האָט מיר פיניע מודיע געווען, אַז ער האָט שוין אַ „לאָזשי" פאַר מיר; אַז איך וועל וואוינען מיט איציקן.

## מיין פעטער איציק

איך געדענק נישט צי איך האָב ווען עס איז אָנגערופן איציקן: פעטער. כאָטש ער איז מיר אַ פעטער פונקט ווי פיניע אָדער מאָטיע. אָבער ער איז אינגאַנצן אַ יאָר אָנדערהאַלבן עלטער פון מיר. האָט ער דאָך אין מיינע אויגן אויסגעקוקט ווי אַ יינגל גלייך מיט מיר; אמת, אַ גרעסער יינגל, ווייל ער איז געווען אַ סך העכער פון מיר. זיין באַנעמונג צו מיר איז אויך געווען ווי צו זיינס גלייכן, און ניט נאָר האָט ער מיך גענומען צו וואוינען מיט אים, נאָר איז טאַקע באַלד געוואָרן מיין וועגווייזער.. ער איז שוין געווען אין אַמעריקע אַ פּאָר יאָר און האָט שוין געוואוסט ווי אַזוי צו פאָרן, ווי אַזוי צו גיין און ניט פאַרבלאָנדזשעט צו ווערן.

איציק איז שוין דאַן אויך געווען אַן אָפּערייטאָר ביי „פּאַר", אָבער קיין „סטעדי דזשאָב" האָט ער נאָך דאַן ניט געהאַט, נאָר ער האָט געזוכט אַרבעט און דערווייל געגעסן אויף פיניעס חשבון.

— אַזוי ווי קיין „דזשאַבס״ וואַלגערן זיך נאָך ניט — האָט פּיניע זיך געווענדעט צו איציקן: — ווערסטו גאָרניט אָנווערן, אויב דו וועסט מאָרגן און דינסטיק ניט זוכן קיין דזשאַב; איז פאַר די פּאָר טעג, ביז שלמה וועט אַרויפגיין אַרבעטן. ווייז אים אַמעריקע.

אַז איציק האָט דערהערט אַזעלכע דיבורים פון פּיניען, האָט ער זיך גלייך געגעבן אַ הויב אויף פון בענקל, אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו פּיניען, מיט דער דלאָניע אַרויף.

פּיניע האָט גלייך פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט; האָט ער אים אויסגעציילט אַ פּאָר דאלער און האָט אים געזאָגט: — איציקל, יעדער דאלער פאַרמאָגט צוואַנציק ניקלס, איז האַלב פאַר דיר און האַלב פאַר שלמהן. דו ווייסט דאָך אַז איך בין אַ „ספּאָרט״. קיין איין „ניקל״ וועל איך ניט ספּענדן אויף זיך אַליין.

— קום, שלמה — האָט איציק מיט פייערדיקע אויגן זיך געווענדט צו מיר — מיר וועלן האָבן אַ „גוד טיים״!

— לויף ניט — האָט אים פּיניע אָפּגעשטעלט — נעמט מיט די רענצלעך.

מיר האָבן גענומען מיינע רענצלעך, זיי אַרויפגעטראָגן אין דער הויז, וואו עס האָט באַדאַרפט זיין מיין „לאַזשי״ אויפן דריטן אָדער פערטן „פלאָר״, אויף אָרטשאַרד סטריט.

איציק האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַרן אַלטן פּאָר־פאָלק, ביי וועמען ער האָט געוואוינט, אַלס זיין „נעפיו־קאָמפּאַניאָן״ און איז אין איילעניש אַרונטער און איך נאָך אים.

מיט איין שפּרונג דאַכט מיר, האָט מיך איציק געבראַכט צום ערשטן וואונדער פון אַמעריקע — ריווינגטאָן סטריט.



# ריווינגטאָן סטריט

אֵי, ריווינגטאָן סטריט!

וואָס האָט אין יענע יאָרן ריווינגטאָן סטריט ניט געהאַט? פון אַ טענעמענט הויז צום וואוינען ביז די פיינסטע „סאַלונס" צום פאַרברענגען — היינט רופט מען דאָס „באַרס."

פון „ניקל־שאָוס" מיט טעאַטער צוזאַמען, ביז פאָטאָגראַפישע סאַלאָנען און קונסט־טעמפּלען פאַר חתונות און בר־מצוה'ס. אמתע בר־מצוות זיינען נאָך דאַן ניט געווען אַזוי פּאָפּולער ווי היינט.

ריווינגטאָן סטריט איז אויך געווען די גרעסטע דעפּאַרטמענט סטאָר אין דער וועלט. ניט מער, אירע געשעפטן האָט זי געפירט אונטערן פרייען הימל און ניט מיט קיין פענסי „שאָו־קייסעס", נאָר אויף פּשוטע „פּושקאַרטס". דערפאַר אָבער זיינען די בעסטע סחורות געלעגן אויס־געלייגט פאַר אייערע אויגן — פון אַן אנצוג ביז אַ וואַנט־זייגער; פון אַ האַרטן קאַפּעליוש, ווייס־געפרעסט העמד, בי אַ פּאָר זאָקנבענדלעך — און שיך. שיך פלעגט דאַן אַמעריקע מאַכן פון דעם בעסטן לעדער, און די בעסטע שיך פון גאַנץ אַמעריקע פלעגן אָנקומען צו די ריווינגטאָן סטריטער סוחרים — „פּעדלער" פלעגט מען זיי רופן. ניט מיין, אַט־די בעסטע שיך זיינען תמיד געווען „סינגלס". אָבער ווער עס איז ניט געווען שטאַרק פּאַרטיקעלע האָט זיך געלאָזט צונויפּפּאָרן אַ פּאָר שיך. אמת, ווי צווילינג האָבן זיי ניט אויסגעקוקט, אָבער גוטע שיך זיינען זיי געווען.

דאָס זעלבע איז געווען מיט די אַנדערע סחורות — פון בעסטן געוואַנט און בעסטן „סוירדזש" און בעסטן „מעיק" — אַזוי פלעגן די פּעדלערס רעקלאַמירן זייערע סחורות. ניט מיין, די הויזן האָבן זעלטן ווען יאָ „געמעטשט" צום רעקל, און אויב די הויזן צום רעקל האָבן שוין יאָ „געמעטשט", איז אָדער די הויזן זיינען געווען פון אַ קלענערן „סייז" פונם רעקל, אָדער דאָס רעקל איז געווען פון אַ קלענערן „סייז" פון די הויזן.

און אפילו די געפרעסטע העמדער, אויב זיי האָבן ניט געהאַט

עפּעס אַ שטיקעלע „דעמעדזש“ אין סטאָק, איז כּאָטש איין אַרבל געווען לענגער פאַרן צווייטן — אָבער אַלעס פון דער בעסטער סחורה און בעסטן „מעיק“.

און טאָמער האָט אַ קונה אַמאָל אָנגעוויזן דעם פּעדלער אויפן חסרון, איז אויב דער קונה איז געווען אַ ייד מיט אַ באָרד אָדער מיט אַ שטיקל בערדל, האָט דער פּעדלער אים גלייך געענטפערט: — ר׳ ייד, דאָס איז אַ ז כ ר ל ח ו ר ב ן . . .

די אַמעריקאַנער מאַנופעקטשורערס זיינען ערלעכע יידן, איז אַלעס וואָס זיי פּראָדוצירן פאַר ריווינגטאָן סטריטער סוחרים איז ז כ ר ל ח ו ר ב נ׳ד י ק . אפילו די גויאישע מאַנופעקטשורערס האָבן זיך שוין אויסגעלערנט, אַז עס קומט אַרויף אונדזערס אַ סוחר פון ריווינגטאָן סטריט, וועט מען אים ניט וויזן אפילו קיין „רעגולאַרס“, דאָס הייסט, „גויאישע סחורה“, ווייל זיי וועלן יענע סחורה אין די הענט ניט נעמען — ש ע ט נ ז !

און קונים, וועלכע פלעגן בעמען ערנסט דעם פּעדלערס „סיילס־טאָק“, האָבן אין יענע יאָרן ניט געפעלט, ווייל ריווינגטאָן סטריט איז אויך געווען אַ גרויס „גאַסט־הויז“, ווייל כּמעט יעדן טאָג פלעגן אָנ־קומען „גרינע“, נייע אימיגראַנטן, נייע געסט, און אָט־די געסט האָט ריווינגטאָן סטריט געהאַלטן אין איין פאַרפּוצן יעדן איינעם מיט געלע גלאַנציקע שיך, ברייטע הויזן, קורצע רעקלעך, האַרטע קאַפּעליושן און גומענע קעלנער.

אָט־די געסט זיינען ניט געווען שטאַרק איבערקלייבעריש; אַבי וואָס שנעלער ווערן אַ „ י ע נ ק י . “

* * *

ב אַ ר ב ע ר ש ע פּ ע ר האָבן אויך פאַרנומען אַ גאַנץ געהויר־בענעם אויבנאָן אויף ריווינגטאָן סטריט. זייער ספּעציאַליטעט איז נישט באַשטאַנען אין „העיר־קאַטס“, נאָר אין „בערד־קאַטס“. זיי פלעגן שערן בערד פון יונג און אַלט. זיי זיינען געווען די ערשטע „ מ ג י י ר “ צו זיין אַ היימישן יידן מיט אַ באָרד און פאות אין אַ י ע נ ק י.

זיי האָבן געהאַט נאָך אַ ספּעציאַליטעט: — שטעלן באַנקעס. איז

אין יעדן באַרבער־שאָפּ פלעגט שטיין אויסגעשטעלט אין פענצטער אַ טישעלע מיט גלעזערנע באַנקעס, וואָס פלעגן זיך בעטן ממש:—קומט, שטעלט זיך באַנקעס!

היינט די מאכלים, וואָס ריווינגטאָן סטריט פלעגט סערווירן „קאַפּעטעריע סטייל״: אויף פּושקאַרטס זיינען געשטאַנען פּעסעלעך. אין יעדן פּעסעלע—אַ באַזונדער נאַשעריי; זויערע אוגערקעלעך, זויערע פעפערלעך, זויערע טאָמאַטן, און פון פאַרשידענע קאָלירן: רויט, געל און גרין, און אפילו זויערער אַרבוז אין קליינע רייפטעלעך געשניטן. איז זיך דער עולם געשטאַנען, געקליבן די „לאַקאָמקעס״ און זיך פאָסמאַקעוועט.

נאָך די לאַקאָמקעס נאָך, וואָס מענטשן פלעגן קויפן אין עסן אין גאַס, האָט מען געקאָנט דערקענען פון וועלכן געגנט זיי קומען. אַז אַ בחור און אַ מיידל זיינען געשטאַנען ביים פּושקאַרט און ער האָט געקייט אַ רויט פעפערל און זי אַן אוגערקעלע, האָט מען גלייך געוואוסט, אַז ער איז אַ רומענישער און זי מסתּם אַ ליטוועטשקע.

די געזייערטע אַרטיקלען זיינען געווען אין אַרטיקל אויסשליסלעך כמעט פאַר גרינע. ווען אָבער מען איז שוין געווען אויסגעגרינט אַביסל פלעגט מען זיך שוין פאָסמאַקעווען מיט אַ „סוויט־פּאָטייטאָ״ און געבאַקענעם עפּל, וואָס ריווינגטאָן סטריט פלעגט אויך צושטעלן אונטערן פרייען הימל.

און רעסטאָראַנען האָט מען אויף ריווינגטאָן סטריט אויך ביט באַדאַרפט שטאַרק זוכן זיי צו געפינען. כאָטש זיי האָבן קיין „נעאָן־סיינס״ ניט געהאַט, וואָס זאָלן רייסן די אויגן מיט גרויסע קאָלירטע בוכשטאַבן: ר ע ס ט אָ ר אַ ן, ק אַ פ ע ט ע ר י ע, ק אַ פ ע י.

אין די פענצטער פלעגן ליגן קוילעטשן, בעסער געזאָגט, איינער אַ קוילעטש, און לויט דער גרויס נאָך פון דעם געפלאָכטענעם קוילעטש האָט מען זיך שוין משער געווען, וואָס פאַר אַ רעסטאָראַן דאָס איז, ווייל די קליינע רעסטאָראַנען פלעגן אַרויסשטעלן אין פענצטער אַ קבצניש קוילעטשל. די מיטעלע רעסטאָראַנען האָבן געהאַלטן אין פענצטער אַ באַלעבאַטישן קוילעטש — אַ שבת חלה. די רעסטאָראַנען אָבער, וועל־

כע האָבן שוין פרעטענדירט אויף גרויסקייט, פרעסערישקייט, האָבן שוין „דיספּלייעט" אין שוי־פענצטער אַ ק ו י ל ע ט ש  אַ ריז!

דערצו פלעגט די לופט אויף שטאַרק צוהעלפן צו „אַדוועררטייזן" די רעסטאָראַנען: וואָס קלענער דער רעסטאָראַן, אַלץ ווייניקער האָט די לופט געהאַט וואָס אַרויסצוציען פון דער קיך פאַר דער גאַס... פון די גרעסערע רעסטאָראַנען אָבער האָבן זיך געטראָגן ריחות פון זויערן באָרשטש, קרויט זופ, פוציאַ מיט קנאָבל און געדעמפטע ברוסט.

דאָס וואָרט „העווי" (ניט געזשאַלעוועט!) האָט אויך שטאַרק צוגע־האָלפן אויף צו לאָזן וויסן די פאַרבייגייער, אַז ד אָ  עסט מען, ווייל אַלע אָרדערס פון די אָנבייסן אָדער וועטשערע עסערס זיינען באַגלייט גע־וואָרן מיטן ריטמישן וואָרט: „ה ע ו ו י."

„העווי אָן די בודלס!"
„העווי אָן די קאַשע!"
„העווי אָן די פאַרפל!"

און די אָפּגעגעסענע, וועלכע פלעגן זיך קוים אַרויסקאַטשען פון די רעסטאָראַנען, פלעגן זיך ליב האָבן אַוועקצושטעלן אינדרויסן ביי דער טיר און זיך פאַרקען מיט דעם פאַסיק. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג צו די פאַרבייגייער: אָט־דאָ יידן עסט מען ניט—נאָר מען  פ ר ע ס ט!

* * *

„נ י ק ע ל ־ ש אָ ו ס" — דער אָנהויב וואָס מען רופט היינט „מואוויס".

„סינגל טוירנס" ־ ט ע ר י אַ ט ע ר,  וואָס פלעגט זיין אַ צוגאָב צו די „ניקל־שאָוס". שפּעטער פלעגט מען דאָס רופן  וו אָ ד ע ווי ל און היינט הייסט דאָס שוין  ק ל יי ן ־ ק ו נ ס ט  און „אָפּען עיר שאָוס" — האָט ריווינגטאָן סטריט אויך געהאַט.

די „אָפּען עיר שאָוס" פלעגן געגעבן ווערן פון קלעזמער און זינגער.

אַ קאַפּעליע קלעזמער איז געווײנלעך באַשטאַנען פון אַ פידלער, אַ באַס און אַ קלאַרנעט — פלעגן די קאַפּעליעס גיבן זייערע קאָנצערטן פון היימישע חתונה ניגונים אויפן מיטן גאַס.

די ז י נ ג ע ר — זיי זיינען שוין געווען סאָלאָאיסטן. ווען־ניט־ווען פלעגט אַ טאַטע האַלטן נעבן זיך אַ מיידעלע אָדער אַ יינגעלע, וואָס פלעגט אים העלפן פּאַרציען די העכערע טענער,ווייל געוויינלעך פלעגן די „סאָלאָאיסטן" אַליין זיין הייזעריקע, דערצו פלעגן נאָך די קינדערלעך צוהעלפן דעם טאַטן קלויבן די פּענעס וואָס דער עולם פלעגט צוּוואַרפן און אויך פּאַנאַנדערטיילן—„דיסטריביוטן" די געדרוקטע קאָפּיעס פון די לידער, וואָס יעדער זינגער האָט מיט זיך מיטגעטראָגן. און פאַרן געדרוקטן וואָרט האָט שוין יעדערער געהאַט מער דרך־ארץ, מ'איז שוין ניט אָפּגעקומען מיט קיין פּעני, נאָר מ'האָט דערלאַנגט אַ נ י ק ל און אַמאָל אַ ד אַ י ם אויך.

נאָכן געדרוקטן וואָרט האָט יעדער איינער געלעכצט, ווייל די ז י נ ג ע ר האָבן שטענדיק געהאַט נייעם רעפּערטואַר, ווען דער עולם האָט שוין געקענט אויף א ו י ס נ ו ו י י נ י ק, אי די מעלאָדיע אי די ווערטער פון „פּרייטיק אויף דער נאַכט"— האָט מען אַרויסגעבראַכט אויף דער גאַס „אַ מוטערס הערץ", „דאָס טליתל", און „אַ בריוועלע דער מאַמען"—איז גאַנץ ריווינגטאָן סטריט אַרומגעגאַנגען און געברומט . . . אַ בריוועלע דער מאַמען. אפילו די וועלכע האָבן די מאַמעס געהאַט מיט זיך.

אַ י ר י ו ו י נ ג ט אָ ן ס ט ר י ט !. . .

— — — — — — — — — — — — — —

ווי נאָר מיר זיינען אַרויף אויף ריווינגטאָן סטריט, האָט איציק מיך אָנגעהויבן מכבד זיין מיט אַמעריקאַנער עפּל. באַרן, פלוימען און פּיטשעס. קיין אַפּעטיט האָט אונדז ביידן ניט געפעלט. זיינען מיר געגאַנגען און געקייט און זיך אָפּגעשטעלט נעבן יעדן פּושקאַרט, יעדן באַרבער שאַפּ, יעדן רעסטאָראַן און יעדן רעדל יידן, וואָס זיינען געשטאַנען און זיך צוגעהערט אָדער צו אַ הייזעריקן זינגער, אָדער אַרום אַ קאַפּעליע קלעזמער, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ ברייטן אַריינגאַנג, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט קליינע עלעקטרישע לעמפּעלעך.

— דאָס איז אַ „ניקל־שאָו"— האָט איציק מיר געזאָגט — דאָ

ווייזט מען ווי מענטשן מיט פערד שפּרינגען אַרום אויף אַ וואַנט און נאָכדעם ווייזט מען אמתדיק טעאַטער. און פּאָר צוויי ניקלס זיינען מיר ביידע אַריין אין דער פינצטערניש, קוים אַנגעטאַפּט בענקלעך, און זיך אַוועקגעזעצט קוקן אויף די שפּרינגענדיקע מענטשעלעך, פערד און בהמות, חיות און עופות.

איך האָב אַזאַ חריפות אין מיין לעבן קיינמאָל נאָך ניט געהאַט געזען. בין איך געזעסן אָן אָנגעשטרענגטער און געוואָלט כאַפּן יעדן בויג, יעדן ריר מיט די אויגן. פּלוצים האָבן זיך עטלעכע פערד געגעבן אַ „ראַספּאָלאָכע" אויף דורס צו זיין אַלע מענטשן און מיך אויך. איך האָב אַזש גענומען ציטערן פאַר שרעק און אָט־אָט־אָ ! . . . און האָבן נישט געסטייעט.

באַלד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר נאָך אַ גרעסערער וואונדער: אָט־די וואַנט, אויף וועלכער די מענטשן, מענטשעלעך און פערד זיינען ערגעץ־וואו פאַרשוואונדן, האָט זיך גענומען הויבן אַרויף, אַרויף, און איך האָב דערזען פאַר זיך אַ שיין אויסמעבלירט צימער, שטאַרק באַלויכטן; אַ מאַן אָנגעטאָן ווי אַ פּריץ מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל, איז געזעסן ביי אַ טיש און געשריבן.

אויפן קלאַפּ אין טיר האָט דער מאַן עפּעס אַ בורטשע געטאָן און באַלד איז אַריינגעקומען אַ יונג שיין מיידל און גענומען בעטן ביי אים אַז ער זאָל איר העלפן מיט פינף דאָלער, ווייל איר טאַטע איז שטאַרק קראַנק און זי מוז רופן אַ דאָקטאָר.

— דיין טאַטע איז אַ שיכור, אָן אויסוואָרף, מען דאַרף אים נישט העלפן, זאָל ער שטאַרבן! — האָט זיך דער מאַן צעשריגן אויף איר.

די מיידל איז אים גענומען פאַלן צו די פיס און גענומען בעטן און קלאָגן און יאָמערן:

— ער איז דאָך מיין טאַטע; איך וויל ניט בלייבן קיין יתומה, אַ יתומה, יתומה!"

ביי די ווערטער האָט זיך דער מאַן מיטן גראָבן ציגאַר געגעבן אַ הויב אויף, איז אַרויס פון שטוב און געגעבן אַ פּראַל מיט דער טיר, און די מיידל, שטייענדיק נאָך אויף די קני, האָט אַ פאַרוויינטע גענומען

זינגען אַ שטאַרק טרויעריק ליד: „איך בין אַ יתומה, העלפט מיר ליבע מענטשן."

מיר האָבן זיך גענומען שטעלן טרערן אין די אויגן פון דער טרויעריקער מעשה און איך האָב זיך גענומען טאַפּן אין די קעשענעס. איך האָב נאָך געהאַט אַ דאָלער אין קעשענע, האָב איך געוואָלט העלפן דער אָרימער מיידל כאָטש מיט עפּעס, אָבער איציק האָט מיך אָנגע־כאַפּט ביי דער האַנט און מיר איינגערוימט אין אויער: — סע גאַרנישט, שלמה, ס'איז בלויז טרעיאַטער...

ווען דאָס מיידל האָט געענדיקט דאָס טרויעריקע זינגען האָט די פּעדערשטע וואַנט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט פון דער סטעליע. דער עולם האָט גענומען שטאַרק פּאַטשן בראַוואָ און שרייען: בוירטע! גערסטין!

באַלד איז געוואָרן ליכטיק אין זאַל און איך האָב טאַקע אויסגע־פונען, אַז ס'איז געווען גאַרנישט, בלויז טעאַטער, וואָס איך האָב געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן.

שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז ס'איז טאַקע געווען גאַרנית, קיין טעאַטער אויך ניט. דאָך זיינען פון די „סקעטשעס", „סינגל טוירנס" אויסגעוואַקסן די שפּעטער באַרימטע יידישע קינסטלער פון סעקאָנד עווועניו און בערטאַ גערסטין.



# „פּאַן“

אין די קומענדע פּאָר טעג האָט מיך איציק געפירט זען אַמעריקע.

אַמעריקע האָט נישט אויסגעקוקט אַזוי גרויס דעמאָלט. די ווייט־סטע פּונקטן זיינען געווען: פון איין זייט, בראָנקס פּאַרק, און פון דער צווייטער זייט—קאָני איילאַנד, און אין מיטן—דילענסי סטריט.

די הויפּט־אַטראַקציע אין בראָנקס פּאַרק איז געווען דער „זו“. כאָטש איך האָב אין טויטעריס, חוץ פערד, קיה, אָקסן, הינט, קעץ און עופות, קיין אַנדערע לעבעדיקע חיות ניט געזען, דאָך האָט דאָס מיר אויסגעקוקט ווי מען האָט די אַלע חיות און פויגל איינגעזאַמלט אין איין פּלאַץ ניט פאַר קיין מענטשן, נאָר פאַר קינדער. אָבער איך בין דאָך שוין אַ מענטש; איך ווער דאָך אַ „ליידיס ווייסט אָפּערייטאָר“? קאָן זיין אַז צוליב דעם וואָס דער פּאַרק איז געווען פול מיט מאַמעס און קינדער, האָט דאָס געמאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק. עס איז דאָך געווען זומער, איז מען אין סקול ניט געגאַנגען. דאָך האָב איך זיך נאָכגעשלעפּט נאָך איציקן, וואוהין ער איז געגאַנגען. אָט איז אַ שטייג מיט לייבן, אַ שטאַל מיט עלעפאַנטן, און גאָר אַ גרויסע שטייג מיט פאַרשידענע פייגל.

— קום, שלמה, וועלן מיר האָבן „פּאַן“, האָט מיך איציק אַ שלעפּ געטאָן און צוגעפירט צו אַ גאָר גרויסער האַלב שטאַל, האַלב שטייג, אָנגעפילט מיט פאַרשידענע מ אַ ל פּ ע ס. דאָ ביי די מאַלפּעס, אָדער „מאָנקיס“, ווי איציק האָט מיך געלערנט צו זאָגן, איז טאַקע געווען גאַנץ לעבעדיק. איציק האָט גענומען אויסליידיקן די „פינאַטס“ פון זיינע קעשענעס און אויך פון מיינע קעשענעס, וואָס מיר האָבן געהאַט אָנגעפילט, אַזוי גיך ווי מיר זיינען אַריין אין פּאַרק, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פאַרהער, ווער עס שיילט און שלינגט די „פינאַטס“ שנעלער: איציק, איך, אָדער די „מאָנקיס“, און איך האָב געהאַט דעם ערשטן „פּאַן“ אין אַמעריקע.

* * *

אין קאָני־אײלאַנד, אָבער, האָב איך שוין ניט געהאַט געגוג אויגן צו באַנעמען די טורעמדיקע אָנגעבויעכצן אויף וועלכע אַלעס האָט זיך געהאַלטן אין איין באַוועגן מיט אַ טומל אַרויף און אַראָפּ, און איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענער פון באַוואונדערונג.

איציק האָט מיך לאַנג נישט געלאָזט שטיין און זיך וואונדערן. אין קוני־אײלאַנד באַדאַרף מען זיך באַוועגן פונקט ווי אַלע מאַכענאַציעס. האָט איציק אַוועקגעלייגט צוויי ניקלס ביים פענצטערל און זיך אַרויפ־געכאַפּט אויף אַ הילצערן, שיין אויסגעטאַקט פערדל און מיר אויך געהייסן אויף איינעם אַרויפקריכן.

די מעכאַנישע טאַצן האָבן גענומען דזשינגדזשען און קלאַפּן. דאָס גרויסע ראָד, אויף וועלכן די געטאָקטע פערדלעך זיינען געווען אויס־געשטעלט, האָט זיך גענומען דרייען. דאָס פערדל מיינס האָט זיך גענומען הויבן אַרויף און אַראָפּ אויפן מעשענעם שטאַנג, וואָס האָט דורכגעלעכערט זיין בויך, און וואָס וויטער האָט דאָס ראָד אונדז גע־דרייט מיט אַ שנעלערן אימפּעט, ביז דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרייט...

ווען איך בין אַרונטער פון פערדל, האָב איך זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, און געזאָגט איציקן: — גענוג, איך וויל ניט מער.

איציק אָבער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט: ער האָט נאָך אַ סך „ניקלס" אין „פּאַקעט" און מען דאַרף האָבן „פאַן"! האָט ער מיך גע־שלעפּט זיך האַצקען אויף אייזערנע וועגעלעך, בלאָנדזשען אין שפּיגל־שטיבלעך, און ממש מיט כח האָט ער מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ פּאַס וואָס דרייט זיך, געגן מיין ווערן זיך און בייטן אים, אַז איך האָב געהאַט גענוג! — איך וויל ניט מיין! איך האָב מורא! . . .

איך בין זיכער, אַז ווען מיין מאַמע זאָל געווען דערזען מיין פּנים, באַכדעם ווי איך בין קאָם אַ לעבעדיקער אַרויס פון פעסל, וואָלט זי מיך גלייך געווען אַוועקגעפירט צו דער גויטע, אַז זי זאָל מיר לעשן קוילן אָדער גיסן וואַקס...

ווער, ווער, איציק האָט יענעם טאָג געהאַט גענוג „פאַן" פון זיין גרינעם „נעפיר". . .

איין זאַך אָבער האָט ער מיר ניט געקענט איינריידן: צו עסן די

הייסע וואורשטלעך, וועלכע ער האָט געליפעט נעבן יעדן „סטענד״ וואָס מ׳איז פאַרבייגעגאַנגען—„האָט דאָגס״. איך האָב געוואוסט אַז זיי זיינען ניט כשר.

אַ באַנאַנע אָבער האָט ער מיר פאַרהאַנדלט און זי מיר געהייסן עסן, פונקט ווי מען עסט אַ באַר, מיט דער שאָלעכטס . . .

* * *

אויפן וועג אַהיים, אין סאָבוויי, האָט מיך איציק עפּעס אַ פרעג געטאָן, ווי עס געפעלט מיר „קוניע איילענד״? האָב איך אים געזאָגט, אַז ס׳איז אַ פלאַץ פאַר שקצים מיט שיקסעס, אָבער ניט פאַר קיין יידישע יינגלעך.

ווען ער האָט דערהערט פון מיר אַזעלכע רייד, איז ער שטאַרק אין כעס געוואָרן און גענומען שרייען: — גרינע חיה, סע געפעלט דיר נישט אַמעריקע ? גיב מיר אָפּ דעם קאָלנער! און ניט וואַרטנדיק אויף מיין גוטן ווילן אים אומצוקערן דעם ראָבערנעם קאָלנער, וואָס ער האָט מיר געליען אינדערפרי אויף אָנצוטאָן, איידער מיר זיינען אַרויסגעפאָרן קיין קוני־איילאַנד, האָט ער גלייך אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן קאָלנער און עס אַראָפּגעריסן פון מיר און איך בין געבליבן זיצן ווי אַ אָפּגעשמיסענער. איציק אָבער האָט געוואָלדיק הנאה געהאַט פון דעם שפּיצל וואָס ער האָט מיר אָפּגעטאָן. זיין „פאָן״ אָבער, ווי ער האָט דאָס גערופן, האָט יענעם טאָג זיך נאָך ניט געהאַט געענדיקט מיט דעם אַליין. איז ווען מיר זיינען אַריין אין רעסטאָראַן האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען ביי אים אַ נייע שטיקל, וואָס עס איז אויך געווען צוליב „פאָן״.

— ווער וויל צאָלן פאַר וואַרעניקעס? — איך ווער זיך מיט אייך, אַז איך קאָן אויפעסן פינף „דאָזן״ וואַרעניקעס מיט איינמאָל. קיינער אָבער האָט זיך ניט געכאַפּט צום וועט. זיי האָבן אַלע געקאָנט איציקס אַפּעטיט און איציקס עקשנות, אַז ער קאָן עסן ביז צו פּלאַצן צו ווערן. האָט איציק גענומען העכערן די צאָל, ביז זעקס דאָזן וואַרעניקעס. אָבער אויך אויף אָנצונעמען דעם וועט, אויף זעקס דאָזן, זיינען קיין

בעלבּים ניט געוועזן צו ווערן זיך, ביז איינער האָט זיך אונטערגענומען צו צאָלן פאַר די וואַרעניקעס אויב ער וועט אויפעסן זיבן דאָזן.

איציק האָט זיך אַ קאַפּיטשקע געקווינקלט, ווייל קיין ליידיקן מאָגן האָט ער ניט געהאַט, פון די „האַט־דאָגס" וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין ליפּען אַ גאַנצן טאָג. דאָך האָט ער דעם וועט אָנגענומען — און דעם וועט געוואונען!

אמת ס'איז אים ניט אָנגעקומען צו גרינג. די ערשטע פינף טוצן וואַרעניקעס האָט ער געשלונגען איינס און צוויי. ווען אָבער עס איז געקומען צום זעקסטן, איבערהויפּט צו זיבעטן טוצן, האָט ער שוין געמוזט צעשפּיליען דעם קאָלנער, צעשנורעווען דעם פּאַסיק און ער האָט שוין ניט געשלונגען, ניט געקייט, נאָר „געזשוואַקאַיעט"...

ווען ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם גאָפּל אין ליידיקן טעלער, האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער אַפּלאָדיסמענט. געפּרייכט האָט ער ווי אַן אָנגעשטאָפּטע גאַנדז; האָט געמוזט באַלד אַרויסלויפן כאַפּן פרישע לופט. „פאָן" אָבער האָט ער געהאַט...



## קאַפּיטל פינף

# איך בין אַ „וויסט-מייקער“

# אַ טראָבל-מאַכער

נאָך די צוויי וואָכן וואָס איך האָב אָפּגעאַרבעט אומזיסט ביי „ליידיס ווייסטס", ווי דער „אַגרימענט" מיטן פאָרמאַן האָט געלויטעט, האָב איך אויסגעפונען, אַז ווען אַ גרינער, שטעלט זיך אַרבעטן אינמיטן וואָך, געוויינטלעך פלעגט מען אַרויפנעמען „גרינע" פאַר דער לערע מיטוואָך, זיינען די ערשטע דריי־פיר טעג ניט אַריין אין חשבון. די אומזיסטיקע וואָכן האָבן זיך שטענדיק אָנגעפאַנגען פון מאָנטיק, אַזוי אַז דעם דריטן מאָנטיק פאַרנאַכט האָט מיר דער פאָרמאַן צוגעטראָגן דריי אַמעריקאַנער דאָלער „פּיידע". דריי דאָלער אַ וואָך איז כמעט געווען די סטאַנדאַרי־זירטע פּרייז פאַר אַ „גרינעם".

נאָך דער לערע האָב איך אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר חדשים פאַר דריי דאָלער אַ וואָך, און פון וואָך צו וואָך איז געוואָרן שווערער אויסצוקומען. איך האָב פּשוט, ווי מע זאָגט, ניט געקאָנט באַלאַנסירן דעם בודזשעט.

איין וואָך האָט מיר ניט געסטייעט קיין סענטן אַרויסצונעמען די וועש פון דער לאָנדרע, אַ צווייטע וואָך האָט מיר ניט געסטייעט פאַר מאָנטיק אויף איבערבייסן און אָנבייסן, האָב איך באַשטימט ביי זיך, און מיין קאָזין שמואל האָט מיך שוין אויך דערמוטיקט אין דעם, צו הייסן זיך געבן אַ „רייז", איז אנשטאט אַריינצוקומען אינדערפרי און זיך זעצן צו דער אַרבעט, בין איך יענעם פרימאָרגן אַריינגעקומען מיט אַ האַלבע שעה פריער, אַז איך זאָל זיך קאָנען דורכריידן מיטן פאָרמאַן איידער די מאַשינען הויבן אָן רוישן.

דער פאָרמאַן איז שוין געווען אין שאַפּ און געהאַלטן אין צוזאַמענ־לייגן די באַנדלעך פאַר די אָפּערייטאַרס. קיין גוט־מאָרגן פלעגט מען אין יענע יאָרן צו קיין פאָרמאַן ניט זאָגן, בין איך צוגעגאַנגען נאָענט צו אים, און זעענדיק אַז ער באַמערקט מיך ניט, האָב איך געגעבן אַ גנבישן הוסט . . .

דער הוסט מיינער האָט געווירקט, אַז ער זאָל אויסדרייען דעם קאָפּ און אַ קוק געבן אויף מיר אַריבער זיינע גראָבע אויגן־גלעזער וואָס ער פלעגט טראָגן.

זיין קוק האָט מיך דורכגעדרונגען און עס האָט מיך באַגאָסן

אַ קאַלטער שווייס. די פּיס האָבן געגומען ציטערן אונטער מיר, אַזוי ווי אָבער מיין מאַמע איז דאָ ניט געווען, אַז זי זאָל איר צושראָקן קינד פירן צו דער גויעטע אים לעשן קוילן, און איך האָב געמוזט שטיין אויף די אייגענע פּיס, אפילו ווען זיי האָבן געציטערט, האָב איך זיך אָנגענו־מען מיט מוט און גענומען פּלאַפּלען מיט מיין קינדערשער שטימע:

— פינף סענט „ברעקפעסט״! צען סענט „דינער״! פופצן סענט „סאַפּער״! דריי דאָלער „רענט״—פינף־און־זיבעציק סענט אַ וואָך!

— טאָ וואָס־זשע ווילסטו? — האָט דער פאָרמאַן אויף זיין באַסאָ־ווער שטימע מיך אַ פרעג געטאָן.

— איך וויל אַ „רעיז״ פופציק סענט!

זיינע בלינדע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן און ער האָט געגעבן אַ געשריי: — דו ווערסט שוין אויך אַ טראָבל־מאַכער!

## דער סטרייק!

איך האָב נישט געוואוסט, וואָס „טראַבל־מאַכער״ מיינט. איך האָב נאָר פאַרשטאַנען, אַז קיין „רעיז״ קריג איך דערווייל נישט.

דער גלאָק האָט גענומען קלינגען, האָב איך זיך מיט אָפּגעהאַקטע פליגל אַוועקגעזעצט צו דער מאַשין. מיטאַמאָל האָב איך דערהערט פון אַלע זייטן: סטרייק, סטרייק!

איך האָב אַזוי געוואוסט דאַן, וואָס עס מיינט „סטרייק״, ווי איך ווייס איצט איינשטיינ׳ס טעאָריע. האָב איך זיך אַזוי שנעל ניט אויפ־געהויבן פון דער מאַשין. האָט עפּעס אַן אַלטע מויד געגעבן אַ געשריי צו מיר: „סקעב!״

איר געשריי האָט מיך שוין אויפגעהויבן פון בענקל און איך האָב זיך געלאָזט גיין פון שאַפּ גלייך מיט אַלעמען!

אויף דער גאַס האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן מיט אַרבעטער פון אַנ־דערע שעפּער, וועלכע זיינען אויך אַרויסגעגאַנגען אין סטרייק און אַלע צוזאַ־מען האָבן מיר גענומען מאַרשירן צו אַ באַשטימטן האָל.

# דער מאַרש

אַ מאָדנע זאַך דאָס מאַרשירן — דו ווייסט נישט וואָס אַ „יוניאָן" איז; פאַרשטייטסט נישט וואָס עס מיינט ס ט ר יי ק, נאָר אינם פעסטן טראָט פון דיינע פיס דערפילסטו דאָס שטאַרקייט פאַר אַ קאַמף; דאָס מאָל, דעם קאַמף פאַר נאָך אַ שטיקל ברויט, וואָס עס פעלט דיר צו דער זאַט . . .

— — — — — — — — — — — — — —

די ערשטע פאָר טעג פון סטרייק איז געווען אַן איבערקערעניש. מען האָט ניט געוואוסט וואו און ווען מ'דאַרף זיך פאַרזאַמלען. האָט דאָס אויסגעקוקט ווי אַ צעשוואומענער י אַ ר י ד.

די צעשוואומענקייט האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, בלויז אַ פּאָר טעג און—מיר זיינען געוואָרן אָרגאַניזירט. מיר האָבן געקראָגן אַ קעניגין, אַ „טשערליידי" הייסט דאָס, און מיט איר פאַרשידענע קאָמיטעס און עס האָט גענומען אויסקוקן ווי אַ גייענדיק געשעפט: גאַנצע טעג מיטינגען, אַלע שעה באַראַטונגען און אַלע ווילע פרישע רעדנער, וועל־כע פלעגן אָנפאַנגען זייערע פלאַמפייערדיקע דרשות, מיט: „שוועסטער און ברידער"! און שטאַרק קוועטשן אויפן וואָרט „שוועסטער", ווייל זיי זיינען געווען אין אַ גאָר גרויסער מערהייט—אַכציק פּראָצענט פון די אַרבעטער אין „טרייד" זיינען געווען פרויען. אין אונדזער שאָפּ איז דער פּראָצענט געווען נאָך גרעסער. צווישן די צוויי הונדערט אַרבעטער זיינען געווען בלויז צען מאַנסבילן — איך צווישן די צ ע ן.

מיר האָבן די ווערטער „שוועסטער און ברידער" שטאַרק אויפ־געלעבט — פּאָרט נישט אַליין, דאָך צווישן אייגענע. ביז דאַן האָט זיך געפילט אַזוי איינזאַם — איינער אַליין אין אַמעריקע, און דאָ האָב איך אַ גרויסע משפחה פון שוועסטער און ברידער מיט איינמאָל אַריינגע־קראָגן. האָב איך זיך טאַקע דערפילט היימיש צווישן מיינע שוועסטערן.

די רעדעס וואָס מיר פלעגן הערן זיינען פון אָנהויב אָן געווען ריין סטאַטיסטישע — אַזוי פיל און אַזוי פיל אַרבעטער שטייען אין קאַמף!

## אַ מציאה

וואָס לענגער אָבער דער סטרייק האָט זיך פאַרצויגן, אַלץ אַנדערש איז געוואָרן דער אינהאַלט פון די רעדעס.

איין רעדנער האָט גענומען קומען אַלע טאָג מיט אַ פעקעלע יוניאָן ביכלעך און איינגעטענהט, אַז ס'איז נויטיק, אַז יעדער אַרבעטער זאָל זיין אַ יוניאָן־מאַן, דאָס הייסט, זיך איינהאַנדלען ביי אים אַ ביכל פאַר אַ טולער מיט פינף און דרייסיק סענט—ווייל אַזוי גיך ווי דער סטרייק וועט „געסעטלט" ווערן וועט שוין קאָסטן אַ ביכל גאַנצע פינף טולער.

אין סטרייק זיינען מיר טאקע געווען, צו דער יוניאָן אָבער האָבן די גרעסטע צאָל אַרבעטער נאָך ניט געהאַט באַלאַנגט.

ווען איך האָב דערהערט וועגן דער גוואַלדיקער מציאה וואָס איך קאָן איצט כאַפּן, בין איך אַוועק צו מיין פעטער פיניע און דאָס אים דערציילט. האָט ער מיר געגעבן די געלט און איך בין געוואָרן, ווי מען פלעגט זאָגן, אַ גוט־שטייענדער מעמבער אין דער יוניאָן.

מיט אַ ביכל אין קעשענע האָב איך דערפילט אַז איך מעג זיך שוין אויך אָנהויבן טומלען און קאָכן אַרום די פאַרשיידענע קאָמיטעס.

מיין פרייד אָבער האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. באַלד האָט זיך גענומען טראָגן אַ קלאַנג, אַז די ביכלעך, די מציאות, וואָס מען פאַר־האַנדלט אונדז, זיינען גאָר ניט קיין ריכטיקע יוניאָן ביכלעך, נאָר נאָכגעמאַכטע, „געפייקטע", דאָס הייסט, דער גרויסער „רעדנער" אונ־דזערער פאַרקויפט אייגענע סחורה . . .

## דער פייקער

קיין אַנדער נאָמען ווי „פייקער" האָט אָט־דער רעדנער ביי אונדז ניט געהאַט, און ווען ער האָט זיך געוויאָוועט נאָכאַמאָל אין „האָל" מיט זיין סחורה, האָט מען געלאָזט וויסן אין דער יוניאָן, איז געקומען דער הויפּט־מאַכער, איך געדענק שוין ניט זיין נאָמען, און זיך גענומען אויס־טענהן מיט אים:

— דו גנב איינער! געפייקטע ביכלעך, אייגענע סחורה!

—איך האָב דיר געזאָגט, אַז זאָלסט מיך מאַכן פאַר אַ דעלעגאַט אין דער יוניאָן. האָסט ניט געוואָלט, האָב איך זיך אַליין געמאַכט פאַר אַ יוניאָן פירער און טו מיר עפּעס!

צו־גלאַט איז דעם „פייקער" די מעשה ניט אָפּגעגאַנגען. מ'האָט באַלד גערופן פּאָליציי און מיר האָבן אים אַלע באַגלייט אין פּאָליס־סטיישאָן אויף פינפטע סטריט.

קיין צו־גרויסע שטראָף, ווייזט אויס, האָט מען אים ניט געגעבן פאַר פאַרקויפן ניט אויטאָריזירטע יוניאָן־ביכלעך. אין דער אמתן זיינען נאָך דאַן אין דער ליידיס וויסט יוניאָן קיין אויטאָריטיס ניט געווען. אַלע זיינען געווען זעלבסט־געקרוינטע קעפּ־פירער, הייסט דאָס, האָב איך טאַקע אָט־דעם פייקער און אַרעסטאַנט געטראָפן מיט דריי יאָר שפּעטער אויף אַ מיטינג־קאָנצערט, צו זאַמלען געלט פאַר די קלאָוק־מייקערס, ווען עס איז געווען דער היסטאָרישער קלאָוקס־סטרייק, וואו מען האָט אים פאַרגעשטעלט, צווישן אַלע אַנדערע רעדנער, אַלס גרויסן פירער, קעמפער פאַר פרייהייט און בעסער לעבן פאַרן אַרבעטער קלאַס.

## אַ ק אָ מ י ט ע

צען ברידער־אַרבעטער זיינען מיר געווען.
דריי ברידער זיינען אַוועקגעפאָרן אין קאָנטרי. . .
געבליבן — זיינען זיבן.
פינף ברידער זיינען אַוועק „ס ק ע ב ן" —
זיינען בלויז — צוויי געבליבן . . .

איין עלטערער ייד מיטן נאָמען איצע און איך, דער ייִנגסטער פון די צען ברידער־אַרבעטער.

די געמיטער פון די סטרייקערס זיינען געווען שטאַרק אָנגעצויגן אויף די „סקעבס", האָט אונדזער טשערליידי אָפּאָינטעט מיך און דעם עלטערן יידן, איצע, אַז מיר זאָלן באַשטעלן די ש ט אַ ר ק ע, וועלכע זאָלן זיך דורכריידן מיט זיי... די נעסט פון די „שטאַרקע" איז געווען אין אַ „סאַלון" אויף ריווינגטאָן סטריט. זיינען מיר אַהין אַוועק און געטראָפן די פאַרשוינען וואָס מיר האָבן באַדאַרפט.

איצע האָט זיי געגומען דערקלערן וועגן די פינף סקעבס, וואָס מע מוז אָגלערנען.

— וואָס ווילט איר זיי דערהרגענען אָדער אָנהרגענען? — האָט איינער פון די „שטאַרקע" קאַלטבלוטיק אַ פרעג געטאָן.

— וואָס רעדט איר וואָס? — האָט איצע אַ דערציטערטער אַ זאָג געטאָן. — חלילה, בלויז אַביסל אָנשרעקן.

— אָנהאַרגענען אָדער אָנשרעקן, איז פינף דאָלער אַ קאָפּ... פינף־און צוואַנציק דאָלער קעש!

איצע האָט שוין מער ניט גערעדט נאָר געשטאַמלט:

— שלמה, גיב זיי דעם נאָמען פון דער טשערליידי און דעם אַדרעס פון האָל און קום!

מיר האָט זיך גראַדע די חברה געוואָלט זאָגן; אָנקלאָפּן די ביינער אַביסל מאַכט ניט אויס, אָבער זעענדיק ווי איצע איז געוואָרן איינגעבויגן נאָך מער ווי ער איז געווען, האָב איך שוין געמאַכט אַ שווייג און בין אַרויס מיט אים.

— שלמה, איך האָב דאָס נישט געטאָרט טאָן! איך האָב נישט געטאָרט אָננעמען אין אַזאַ קאָמיטע; ניט איך, ניט דו און קיין אַנדערער טאָר נישט טאָן אַזאַ שטיקל אַרבעט — פּע, מיאוס! — וואָס הייסט, דינגען שלעגער צו שלאָגן יידן!

— זיי זיינען דאָך אָבער סקעבס — האָב איך אים געגומען באַרואיקן.

— וואָס רעדסטו נאַרישקייטן: סקעבס זיינען זיי? אָרעמעלייט זיינען זיי! האָבן ווייבער מיט קליינע קינדער און עס איז נישטאָ אויף אַ באָטל מילך פאַר זיי און עס פעלט אפשר שוין אַ שטיקל ברויט אויך.

— דו ביזט נאָך אַ יינגל — רעדט ער ווייטער — און די פעטערס דיינע פאַרלאָזן דיך ניט, האָסטו דערווייל וואָס צו עסן. אָבער חלילה ווען נישט די פעטערס? — האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין.

— איך, דאַנקען גאָט, קאָן אויך אויסהאַלטן אַ סטרייק. אַלע קינדער זיינען שוין פאַרהייראַט, און ווען אַפילו איך האָב ניט די פאַר

הונדערט דאָלער אָפּגעשפּאָרטע געלט, וואָלטן די קינדער דעם אַלטן טאַטן מיט דער אַלטער מאַמע אויך ניט פאַרלאָזט!

ווען מיר זיינען אַריין צוריק אין ה אָ ל, האָט איצע, אַ מידער, אַ דערשעפּטער, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אין אַ ווינקל און האָט מיר געהייסן אָפּגעבן דעם רעפּאָרט . . .

— — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער ווען אונדזער טשערליידי האָט ווידער „אַפּאָינטעט״ איצען און מיך אויף צו גיין וויזן די „שטאַרקע״ ווער די סקעבס זיינען, האָט איצע געגעבן אַ שפּרונג אויף און געגעבן אַ געשריי, אַז איך האָב אַזש אַ ציטער געטאָן:

— איך נעם נישט אָן!

— איך וועל סטרייקן ביזן סוף, איך וועל גיין אויף פרידלעכע „פּיקעט־ליינס״, איך וועל טאָן אַלעס וואָס די יוניאָן וועט מיך הייסן טאָן. אָבער איך וועל נישט גיין אָנווייזן, אָנטייטלען מיטן פינגער אויף יידן אַ ר ע מ ע ל י י ט . . . אַז מע זאָל זיי שלאָגן!

## באָסעס

דער ה אָ ל אונדזערער האָט גענומען ווערן ליידיקער, אויב ניט פון טאָג צו טאָג, איז פון וואָך צו וואָך.

עס איז שוין די אַרבעטער געהאַט נמאס געוואָרן צו הערן דיזעלבע אויסגעדראָשענע רעדעס וועגן די שרעקלעכע אויסוואָרפן — די ב אָ ס ע ס — וועלכע ווילן ניט נאָכגעבן די גערעכטע פאָדערונגען און אַז מיר אַרבעטער, וועלן זיך האַלטן שטאַרק, וועלן מיר זיי, די באָסעס, דאָך ב ר ע כ ן . . . אַז זיי וועלן מוזן נאָכגעבן . . .

די באָסעס אָבער האָבן זיך איינגעשפּאַרט — זיי ווילן נישט קיין יוניאָן!

איז אָנשטאָט צו ב ר ע כ ן די באָסעס, האָבן די באָסעס זיך גענומען ב ר ע כ ן די אַרבעטער רייען.

מען האָט אויפגעהערט קומען אין האָל. מען האָט אויפגעהערט קומען צו „פּיקעט־ליינס.״

## ב ע נ ע פ י ט

די טעג און וואָכן האָבן זיך געצויגן. און כדי אויפצוהויבן אַביסל די מאָראַל פון די אַרבעטער, האָט מען אָנגעהויבן צו צוזאָגן „סטרייק־בענעפיטס". קיין געלט אָבער איז ניט געווען, האָט מען דערווייל גע־האַלטן אין צוזאָגן. ענדלעך אָבער, אויף דער זיבעטער וואָך פון סטרייק, האָט מען אויסגעצאָלט דעם ערשטן בענעפיט.

איך האָב געקראָגן אַ מזומנעם דאָלער. און דער אַלטער איצע, דאַכט מיר, דריי מאָל אַזוי פיל — גאַנצע דריי דאָלער.

פאַר זיינע לייסטונגען צו דער יוניאָן איז דאָס באמת אים געקומען. ער האָט טאַקע ניט געוואָלט גיין אָנווייזן צו די שטאַרקע די סקעבס, אָבער ער האָט קיין איין מאָל דורך די גאַנצע זיבן וואָכן ניט אויסגעפעלט אין האָל און אויף דער פיקעט־ליין, ווי אַ פרומער ייד צום דאַווענען, און מיך אויך ניט אָפּגעלאָזט. ער פלעגט יעדן טאָג צוקומען דאָרט וואו איך האָב געוואוינט און צוזאַמען פלעגן מיר גיין מיט האַוסטאָן סטריט, פריער אין האָל און נאָכדעם צו דער פיקעט־ליין.

געוויינטלעך פלעגט ער שטענדיק טראָגן אין קעשענע אַ קליין פלעשעלע בראָנפן און עטלעכע מאָן־פּלעצלעך. איז יעדן אינדערפרי פלעגט ער מיר פרעגן צי איך האָב שוין געגעסן „ברעקפעסט", אויב ניט פלעגט ער מיר דערלאַנגען אַ פּלעצעלע אויף איבערכאַפּן דעם הונגער.

מיט די געשמאַקע פּלעצעלעך האָט ער אויפגעהאַלטן מיין אַרבעטער־מאָראַל ביזן לעצטן טאָג פון סטרייק.

דער לעצטער טאָג פון סטרייק האָט זיך געענדיקטביים סוף פון דער ניינטער וואָך, מיט אַ גרויסן מאַסמיטינג, וואו מען האָט אונדז אַלע געהאַלטן ווי העלדן, אָבער נישט תמיד געווינט מען אַ קאַמף.

דאָס מאָל האָבן מיר דעם סטרייק פאַרלוירן.

# אַ קאַלטער איד

מיין נייער באָס האָט געהייסן ר׳ שימל, אַ ייד פון אונדזערע מקומות, וועלכער האָט ניט דערלאָזט, אַז ריווינגטאָן־סטריטער באַרבערס זאָלן אים „מגייר״ זיין. . .

האָט ער געטראָגן די היימישע באָרד. שבת און יום־טוב איז דער שאָפּ זיינער געווען געשלאָסן. ער איז געווען דאָס, וואָס מ׳האָט אָנגערופן: אַ וואַרעמער ייד. און אַ גאַנצע וואָך איז ער ניט נאָר געווען וואַרעם, נאָר גאַנץ קאָכעדיק; האָט געשמייעט פון איין אַרבעטער צום צווייטן, אַז די מאַשין זאָל חלילה ניט קריגן אַ פאַרקילונג . . .

— אַ מאַשין האָט ליב, אַז מען לאָזט זי גיין „פול־ספּיד״ — פלעגט ער זאָגן. ער איז געווען אַ באָס־קאָנטראַקטאָר פון ווייסטן.

פלעגט ער, ר׳ שימל — אַזוי פלעגן די אַרבעטער אים רופן — זיך שטענדיק היצן — און די אַרבעטער פלעגן שוויצן . . .

דערפאַר אָבער, אַז עס פלעגט קומען פּרייטיק פאַרנאַכט, ווען ער פלעגט אויסצאָלן „פּיידע״, פלעגט ער ווערן קאַלט ווי אייז און פלעגט אויף יעדן אַרבעטער אָנוואַרפן אַזאַ קעלט, אַז עס פלעגט באַפאַלן אַ קאַלטער שוויס.

— — — — — — — — — — — — — —

נאָכן פאַרלוירענעם סטרייק האָבן זיך אַלע אַרבעטער אומגעקערט צוריק אין שאַפּ.

אַרום האַלב אַרבעטער זיינען אַרויף באַלד מאָנטיק אינדערפרי, דעם ערשטן מאָנטיק וואָס מ׳האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז דער סטרייק איז פאַרלוירן. אַ טייל אַרבעטער זיינען אַרויף אין שאַפּ דינסטיק, און איך בין אַרויפגעגאַנגען דער לעצטער ערשט מיטוואָך אינדערפרי.

די אַרבעטער האָבן מיר געמאַכט אַ גרויסע אָוואַציע, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אַרבעטער, וואָס האָט אויסגעהאַלטן יוניאָן דיסציפּלין.

כאָטש פון אָנהויב האָבן זיך די אַרבעטער געשראָקן, אַז מע וועט אונדז לאָזן פילן אויף שריט און טריט, אַז מיר זיינען פאַרלוירענע, דאָך האָבן ניט דער באָס און ניט דער פאָרמאַן דאָס אונדז געמאַכט פילן.

קאָן זיין, אַז די אורזאַכע דערפון איז געווען, וואָס די באַסעס האָבן שוין געוואוסט, אַז ניט נאָר האָבן זייערע אַרבעטער פאַרלוירן דעם סטרייק, נאָר ז י י אַליין אויך.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָכן סטרייק האָט זיך אונדזער שאַפּ פאַרמאַכט.

אונדזערע באַסעס האָבן ב אַ נ ק ר אָ ט י ר ט.

— — — — — — — — — — — — — —

נאָך אַ שיינע פּאָר וואָכן זוכנדיק אַ „דזשאָב" האָט מיך אַ לאַנדס־מאַן צוגעשיקט צו ר' שימלען, און ר' שימל האָט מיך אָוועקגעזעצט צו דער אַרבעט.

נאָך אַ וואָך פ ר אָ ב ע, פאַר וועלכער ער האָט מיר באַצאָלט בלויז פיר טאָלער, האָב איך זיך באַדונגען מיט אים, אַז ער דאַרף מיר צאָלן זעקס דאָלער אַ וואָך.

ער האָט קאַטבלוטיק צוגעשטימט צום פּרייז, ניט מיין—ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער דערוואַרטעט פון מיר אַ סך, מער אַרבעט. האָב איך אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל טאָן דאָס בעסטע. און איך האָב געהאַלטן וואָרט. איך האָב די מאַשין געלאָזט לויפן „פול ספּיד" און איך בין נאָך איר מיטן זעלבן אימפּעט נאָכגעלאָפן.

דאָך, ווען עס איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט און ר' שימל האָט זיך איינגעהילט אין זיין ערב־שבתדיקער קאַלטקייט און גענומען מיר אויסציילן די זעקס דאָלער „פּיידע", האָט מען געקאָנט מיינען אַז ער ציילט הונדערטער גאַנצע.

און איידער די „גרויסע סומע" איז אַריין אין מיינע הענט, האָט גענו־מען אַ שיין שטיקל צייט. ער פלעגט אויסציען און אויסגלעטן די דאָלער־בילס אַ פּאָר מאָל, גוט אויסטאַפּן מיט די פינגער, צי האָט זיך חלילה איין דאָלער־ביל ניט איינגעקלעפּט אין צווייטן, און ווען ער איז שוין געווען זיכער, אַז זיינע פינגער האָבן קיין טעות ניט געמאַכט, האָט ער מיר די פיר „בילס" דערלאַנגט און נאָכדעם מיר גענומען אַריינ־ציילן אין דער האַנט די אַנדערע צוויי דאָלער, וואָס זיינען תמיד באַ־

שטאַנען פון קוואָדערס, דיימס און ניקלס — עס האָט אויסגעקוקט ווי אַ סך געלט.

און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן ציילן, פלעגט ער מיר תמיד זאָגן: — שלמה, איך האָב צו דיר די וואָך צוגעלייגט צוויי טאָלער!

שטאַרק פאַרליבט אין זיין דרשה בין איך ניט געווען, נאָר פרנסה איז פ ר נ ס ה!.

— — — — — — — — — — — — — —

צו נייען אויף אַ שניידער־מאַשין זיצט מען געוויינלעך איינגע־בויגן, אַזוי ווי אָבער איך האָב געהאַט אַ ווידערווילן צו איינגעבויגנ־קייט נאָך פון דער אַלטער היים, פלעג איך זיצן גלייך אויסגעצויגן און דאָס האָט צוגעהאָלפן, אַז איך זאָל אָפט מאָל אַריינקריגן די נאָדל אין אַ פינגער.

איינמאָל אַ פרייטיק נאָכמיטאג האָט מיר מיין קאָלטער באַלעבאָס ר' שימל, דערלאַנגט אַ „באָנדל" און מיר געזאָגט אויף אַ גאַנץ וואַרעמען אופן:

— גיב זיך אַ ריר, ווייל עס איז באַלד שבת.

איך נעם זיך „רירן", נאָכצולויפן דעם „ספיד" פון דער מאַשין און האָב זיך אַריינגעשטאָכן די נאָדל אין פינגער.

ווייל איך האָב אָפּגעשטעלט די מאַשין פאַר אַ מינוט, אָפּצוּשטעלן דאָס בלוט וואָס האָט גערונען פון פינגער, איז דער באַלעבאָס, ר' שימל, ווידער צוגעקומען צו מיר: — נו, עס איז דאָך באַלד שבת ! . . .

איך האָב געפילט אַז איך ווער צופּלאַצט, אָבער איך האָב פאַרביסן מיט די ליפּן, געלאָזט לויפן די מאַשין און אים פאַרענדיקט דאָס „באָנדל" אויף שבת.

אַז ס'איז געקומען צו דער „פּיידע", האָט ר' שימל אָנגעפאַנגען אַרויסצושלעפּן דאָס ט ע ש ע ל ע און האָט אָנגעפאַנגען דורכפירן די גרויסע צערעמאָניע ווי אַלעמאָל: אויסציען, אויסטאַפּן און אויס־גלעטן די „סינגל דאָלער בילס"; אויסציילן די „קוואָדערס", „דיימס" און „ניקלס", און ביים פאַרענדיקן דאָס ציילן האָט ער מיר ווידער אַ זאָג געטאָן, אַז ער דערלייגט צו מיר צוויי דאָלער אַ וואָך.

דאָס מאָל האָב איך זיך שוין ניט געקאָנט קאָנטראָלירן. די שיינע „ברכות" פון „יוראָפּ" האָב איך נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן, און דאָ אין אַמעריקע האָב איך פאַר דער קורצער צייט באַוויזן אַ קונץ זיך אויסצולערנען אַמעריקאַנער „ברכות". האָב איך זיי אים דערלאַנגט אין אַ פולער מאָס.

איך פלעג טראָגן אַ פאַרטעכל צו דער אַרבעט. האָב איך דאָס אים געגעבן אַ וואָרף און אים געזאָגט, אַז ער וועט שוין צו מיר מער קיין געלט ניט דערלייגן:

— איך קום מער ניט אַריין צו דער אַרבעט. איר קאָנט שוין אַליין אַרבעטן מיט די זייטן!

* * *

אין אַ קורצער צייט פון אַכט־ניין חדשים בין איך געוועזן אַ „ליידיס וויסט אָפּערייטאָר"; פאַרלוירן דעם ערשטן „ליידיס וויסט סטרייק" און באַוויזן צו ווערן א ו י ס ש נ יי ד ע ר.



## קאַפּיטל זעקס

# איך ווער אַ פּאַריער

## אַ ברוגזער ייד

— קיין בעסערע מלאכה קאָן דיין פעטער פאַר דיר ניט אויסקלויבן? עס פעלן ניט קיין „פאַר אָפּערייטאָרס״— האָט דער ייד צו וועמען מיין פעטער פּיניע האָט מיך אַרויפגעשיקט, ברוגזלעך אַ זאָג געטאָן.

— ניט מיין פעטער וויל, איך וויל ווערן אַ„פאַר־אפּערייטאָר״...

— נו, אַז דו ווילסט ווערן אַ פּאָריער, ווער אַ פּאָריער.

— נעם דעם בעזים דאָרט אין קאָרנער און קער אויס דעם שאַפּ, וועט מען זיך קאָנען רירן.

דאָס וואָס דער „ברוגזער ייד האָט גערופן „שאַפּ״ איז געווען אַ קליין צימערל, אויף אַ צווייטן פלאָר אויף דער אַכטער גאַס אין כמעט אַ פאַרלאָזענעם בילדינג.

פונקט אין מיטן דעם צימערל זיינען געשטאַנען צוויי פאַריתומטע מאַשינען, און ביי די קויטיקע ווענט זיינען געווען אָנגעשטעלט אַלטע צעקאַליעטשעטע ברעטער און ברעטלעך צום „נאַגלען״.

חוץ דעם באַלעבאָס זיינען קיין אַנדערע אַרבעטער אין דעם שאַפּ ניט געווען. ער אַליין איז געווען דער „קאַטער״, דער „אָפּערייטער״ און „נאגלער.״

ווען ער האָט מיר געהייסן דאָס ערשטע אויסקערן דעם שאַפּ, אַז עס זאָל זיך זיין וואו צו רירן, איז ער אַביסל געווען גערעכט, ווייל עס איז טאַקע ניט געווען וואו זיך צו רירן. צו שטאַרק אָבער איז מיר דער ענין ניט געווען געפעלן. אַזוי ווי אָבער איך האָב געהאַט באַשטימט אַז איך וויל דווקא ווערן אַ „פאַר־אָפּערייטער״, האָב איך שוין מיט מיין ברוגזן, אָנגעבלאָזענעם „לערער״ קיין טענות ניט געמאַכט. איך האָב אַרונטערגעוואָרפן דאָס רעקל פון זיך, און זיך געשטעלט קערן. . .

— — — — — — — — — — — — — —

די „פאַריער טרייד״ האָט מיר אויסגעקוקט צו זיין פיל אנצעיגדער ווי די „ווייסט ליין״, וואָס איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון מאַכן „סימס״. פאַריערי אָבער האָט געהאַט אין זיך עפּעס לעבעדיקעס, אַ מער לעבעדיקע „טרייד״־מלאכה . . .

יעדעס מאָל וואָס איך פלעג אַרויפקומען צו מיין פעטער פיניע אין זיין שאָפּ, פלעג איך זען, אַז מיט יעדער פעל צאַצקעט מען זיך, מען ציט זי, מען גלעט זי, מען בלאָזט זי — מען בלאָזט איר ממש אָפּ דאָס אָרט וואו זי אַוועקצולייגן.

דערצו האָב איך אַלע מאָל געטראָפן דאָרט אַנדערע פעלן פון גאָר אַנדערע חיות . . . און יעדעס מאָל וואָס מיין פעטער פיניע האָט אַריינגעשטאָכן דאָס מעסער אין דער פעל—דאָס זעלבע זיין שותף—האָט מען זיך גענומען באַרימען איינער פאַרן אַנדערן: „ווי געפעלט דיר אַ שניטעלע?"

און אפילו די אָפּערייטערס פלעגן אויך אָפּט צוגיין צום טיש צו די באַלעבאַטים און זיי ווייזן מיט שטאָלץ זייער מלאכה:

— ווי געפעלן איך „סימעלעד!"

— גאָלדענע פינגער! — האָבן די בעלעבאַטים צווישן זיך אָפּגעשאַצט זייער אַרבעט.

דער „נאַגלער" פלעגט אויך אָפּט זיך רימען פאַר די באַלעבאַטים:

— אין דעם קאָרנער האָב איך געהאַט אַביסל „טראַבל"—דאָס האָט געמיינט אַז ס'איז געווען ערגעץ אַביסל פאַרשמעלט אָדער פאַרקירצט—באָט אַי מייד איט!

—„גוד באָי, גוד באָי"! — פלעגט ער קריגן זיין קאָמפּלימענט.

* * *

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן קערן האָט מיר דער אָנגעבלאָזענער באָס געהייסן אָפּרייניקן די מאַשין אויף וועלכער איך וועל זיך לערנען נייען.

איך האָב די מאַשין אויסגעפּוצט אַביסל, אַריינגעקוועטשט אויל אין די קליינע לעכעלעך. איך האָב דאָך שוין געהאַט אַ שטיקל באַגריף וועגן אַ ניי־מאַשין, כאָטש אַ „פאָר"־מאַשין איז גאַנץ אַנדערש פון אַ שניידער־מאַשין.

און ווען איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר ווייזן ווי אַזוי צו „פאַרסילען" די פאָדעם אין דער נאָדל, האָט ער מיר געענטפערט:— כ'האָב איצטער קאַן צאַט נישט צו באָדערן זיך מיט דיר.

— נעם די „פּיסעס"—האָט ער מיר אָנגעוויזן אויפן קופּקעלע שמוץ וואָס איז שוין ווידער געלעגן אַרום זיינע פיס — און ביי דערוויל אַן „קאַטען."

## העי-דו!

מיין אָנגעבלאָזענער באַלעבאָס האָט מיך פּלוצים אַ רוף געטאָן: „העי - דו!"

אַזוי ווי ער האָט מיך ניט געפרעגט ווי אַזוי איך הייס, בין איך געוואָרן ביי אים אַ — „העי־דו".

ער האָט מיר דערלאַנגט זעקס סענט און אַ זאָג געטאָן: — ברענג מיר אַרויף אַ „פּיטשער" ביר. עס איז „דינער טיים."

איך האָב אים באַלד אַרויפגעבראַכט דאָס ביר און בין צוריק אַרונטער אויף עפּעס איבערכאַפּן. ביי יענער צייט האָט מען פאַר פינף סענט געקאָנט קריגן אין אַ רעסטאָראַן עפּעס וואָס צו עסן.

ווען איך בין צוריקגעקומען איז דער באָס שוין געווען פאַרטיק מיטן „פּיטשער" ביר און האָט שוין געהאַט גאָר אַן אַנדער פּנים. ער איז געוואָרן פריילעך. און ווען ער האָט זיך אָוועקגעזעצט ביי דער מאַשין נייען זיין אָנגעשניטענע סחורה— אַזוי פלעגט ער רופן די „פּיסעס" וואָס ער פלעגט צוגרייטן צום נייען — האָט ער גאָר גענומען זינגען און טאַקע אויף אַ קול, און מיר אויך גענומען וויזן וואָס ער טוט, אַז איך זאָל פּרוּוון נאָכטאָן אויף מיין מאַשין דאָס זעלבע.

* * *

אַזוי האָט מיין באָס זיך געפירט יעדן טאָג. ביז מיטאָג פלעגט ער שטיין ביים טיש אַן אָנגעבלאָזענער, און ווען איך פלעג אַריינקומען אינדערפרי און אים זאָגן אַ גוט־מאָרגן, האָט ער כמעט ניט געענטפערט, ווי איינער רעדט: וואָס דרייסטו מיר אַ קאָפּ?!

אָבער מיטאָג־צייט, ווען ער פלעגט מיך אַ רוף טאָן: „העי־דו, ברענג מיר אַ פּיטשער ביר," און אַז ער פלעגט אַריינגיסן אין זיך די עטלעכע גלעזער ביר, פלעגט ער ווערן לעבעדיק, פריילעך און זינגעוודיק.

ציטנווייז פלעגט ער איבערחזרן דעם „העי־דו" נאָכאַמאָל און גאַנץ אַפּט צוויי מאָל דורכן האַלבן טאָג.

מיך פלעגט גראדע ניט פאַרדריסן דאָס לויפן צוויי אָדער דריי מאָל אַ טאָג נאָך ביר... אין יענע יאָרן פלעגט מען געבן אין די „סאַלונס" אַ פרייען צובייס—„פרי־לאַנטש"—צו די געסט . . . איז וואָס אָפּטער איך בין אין סאַלון געווען אַ גאַסט, אַלץ מער פרייען צובייס האָב איך אַריינגערוקט אין זיך...

* * *

ביי דער ענדע פון דער צווייטער וואָך, עס איז געווען פרייטיק און מיין אַנגעבלאָזענער באַלעבאָס האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט דאָס דריטע „פיטשערל" ביר און איז שוין געווען גאָר פיין אויפגעלייגט, אַזוי אויפגעלייגט, אַז ער האָט מיר אפילו פאַראויסגעזאָגט אַ גוטע צוקונפט אַלס „פאַר־אָפּערייטאָר."

— דו וועסט אַמאָל זיין אַ גוטער אָפּערייטאָר. פאַר די פאַר וואָכן האָסטו גאַנץ גוט געכאַפּט די טרייד.

דערהערנדיק אַזעלכע רייד—דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל פאַר די פאַר וואָכן וואָס ער האָט גערעדט צו מיר—האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אים אַ פרעג געטאָן:

— אפשר וואָלט איר מיר געגעבן אַ פּאָר טאָלער? אויף די פרייע „לאַנטשעס" פון סאַלון קאָן איך ניט לעבן.

ער האָט גלייך אָפּגעשטעלט די מאַשין, אויסגעגלאָצט אַ פאָר אויגן אויף מיר און מיט אַ גוואַלדיקער פאַרוואונדערונג אַ זאָג געטאָן:

— אַ פּאָר דאָלער?! גיי צו דיין פעטער. ער האָט מער געלט פון מיר. איך האָב נישט קיין געלט צו געבן . . . א י ך ד אַ ר ף ד י ך נ י ש ט ! — — — — — — — — — — — —

## מ י ט ן ר ע כ ט ן פ ו ס

— קוקט אויס, אַז ביזט אַריינגעקומען ניט מיטן רעכטן פוס קיין אַמעריקע — האָט מיר מיין פעטער פיניע געזאָגט ווען איך האָב אים איבערגעגעבן די נייעס, אַז איך בין פאַרטיק מיט מיין ערשטן דזשאָב אַלס פאַריער.

— האָסטו כאַטש זיך אויסגעלערנט עפּעס פאַר די צוויי וואָכן?

— אַוודאי האָב איך זיך אויסגעלערנט: אַליין אַריינשטעלן אַ נאָדל, אַליין אַריינסילען די פאָדעם און איך האָב שוין געניית ניט נאָר שטיקלעך, נאָר גאַנצע „פליײטס" אויך.

— אויב אַזוי, שלמה, וואָס־זשע זאָרגסטו זיך? וועט מען דיר קריגן אַ דזשאָב!

מיין פעטער פיניע האָט אפילו געפרעגט זיין שותף, צי וועט ער אים דערלויבן מיך אַוועקזעצן צו דער מאַשין ביי אים, ביז מע וועט מיר קריגן אַ דזשאָב, כדי איך זאָל ניט פאַרגעסן וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט. אויף דעם האָט זיין שותף געענטפערט:

— אַן „אַגרימענט" איז אַן „אַגרימענט" — מע נעמט נישט אַריין קיין אייגענע! . . .

אויף די רייד איז אָנגעקומען מיין פעטער מאָטיע. ווען ער האָט דערהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער מיר געזאָגט: — קום, שלמה, מיט מיר, אפשר וועל איך דיר קריגן אַ דזשאָב. און מיר זיינען צוגעגאַנגען צו זיינעם אַ פריינט, אַ פאַריער, מיטן נאָמען פישמאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ שאָפּ אויף דער ניינטער גאַס.

פישמאַן האָט שוין געהאַלטן ביים צומאַכן דעם שאָפּ ווען מיר זיינען אָנגעקומען. אָבער צוליב אונדז האָט ער זיך אַביסל פאַרהאַלטן. און ווען מאָטיע האָט אים גענומען בעטן, אַז ער זאָל מיך אַרויפנעמען אין שאָפּ זיך צוצולערנען די „טרייד"... האָט ער אים געענטפערט:

— פון דיינעטוועגן אַ פּיוואָר? ענני טיים. זאָל ער אַרויפקומען מאָנטיק אינדערפרי. איך וועל מאָרגן צוגרייטן פאַר אים אַ מאַשין.

מיין פעטער מאָטיע האָט אים פיין אָפּגעדאַנקט פאַר דער טובה און מיר זיינען אַוועק גאָר צופרידענע.

מאָטיע האָט באַדאַרפט ערגעץ אַוועקפאָרן, האָט ער מיר צוגע־ווינטשעוועט „גוד לאָק" און מיר געגעבן אַ האַלבן דאָלער, אַז איך זאָל גיין עסן אַ פרייטיק־צונאַכטיקע וועטשערע.

— — — — — — — — — — — — — —

ווען איך בין אַריינגעקומען מאַנטיק אינדערפרי צו דער אַרבעט האָט מיר דער באָס, פּישמאַן, מודיע געווען, אַז ער וועט מיך „סטאַרטן" מיט דריי דאָלער אַ וואָך, און אויב איך וועל זיך אויסטויגן, וועט ער מיר געבן מער.

ניט וואַרטנדיק אויף מיין צושטימונג צום פּרייז, האָט ער מיר גלייך דערלאַנגט אַ פאַרטוך, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי עס וואָלטן געוואַקסן האָר אויף דעם, און מיר אָנגעוויזן אַ מאַשין אויף וועלכער איך וועל זיך לערנען נייען.

דער פּ ל אַ ץ האָט שוין געהאַט דעם אויסזען טאַקע ווי אַ שאָפּ. צוויי ק א ט ע ר ס און דער ב אָ ס זיינען געשטאַנען ביים „קאטינג טייבל", צוויי אָפּערייטארס זיינען געזעסן ביי די מאַשינען און גענייט; אַ „נאַגלער" האָט גענאַגלט און אַ דריי־פּיר „פיגישערס" האָבן דאָרט אויך געאַרבעט.

דער באָס, פּישמאַן, האָט מיר געגעבן אַ קעסטל מיט שטיקלעך און מיר געזאָגט, אַז איך זאָל דאָס צוזאַמענניייען.

האָט דאָס אויסגעקוקט, אַז ד אָ בין איך אַריין מיטן רעכטן פוס.

אָ ב ע ר : —

איידער איך האָב נאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט אָװעקצוזעצן זיך ביי דער מאַשין, האָב איך דערהערט אַ רוף: ה ע י ־ ד ו !

## ש ל מ ה ־ ס ע ם

איך האָב נאָך ניט געהאַט פאַרגעסן דעם נאָמען, וואָס מיין געוועזענער „ברוגזער" באַלעבאָס האָט מיר געגעבן. האָב איך זיך גלייך אומגעקוקט. דער רוף איז געקומען פון „נאַגלער":

— קום נאָר אַהער, העלף מיר אַרונטערנעמען פון די ברעטער. דאָס האָט געהייסן, אַרויסשלעפּן די טשוועקעס פון די אָפּגעטרוקנטע ג אַ ר מ ע נ ט ס.

פאַרטיק געוואָרן מיטן שלעפּן די טשוועקעס, בין איך מיר אַוועק צוריק צו דער מאַשין. אָבער באַלד האָט דער „נאַגלער" ווידער גערופן, איך זאָל אים העלפן „איבערקערן אַ ברעט" . . .

איך בין נישט לאַנג געזעסן ביי דער מאַשין און אַ פרישער העי־דו — אָבער פון אַנאַנדער זייט — דאָס מאָל האָט מיר אַ קאַטער גע־רופן: ער וויל אַז איך זאָל פאַר אים באָס מאַכן פעלן. ער האָט מיר געוויזן ווי אַזוי דאָס צו טאָן — בלויז קאָם קאָם צודעמפן, ניט מאַכן צו נאַס, ניט נוצן קיין צופיל וואַסער... איך האָב געטאָן ווי דער קאַטער האָט מיר געהייסן, אים צוגעטראָגן די געדעמפּטע פעלן זאָן זיך אַוועקגעזעצט ביי דער מאַשין.

ווי נאָר איך האָב זיך אַוועקגעזעצט — און ווידער דאָס זעלבע: — העי־דו!

דאָס מאָל האָט מיך שוין גערופן דער באָס:

— ווי אַזוי הייסטו?

— „העי־דו". . . כ'מיין, שלמה — האָב איך זיך געכאַפּט.

דערהערנדיק מיין נאָמען, האָט ער זיך צעלאַכט און זיך געווענדעט צו די „קאַטערס": מעקס, דזשייק! איר ווייסט ווי אַזוי ער הייסט? — שלמה.

— אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין שלמה'ס; דאָס איז נישט די אָלד קאַנטרי; דאָ אין אַמעריקע וועסטו הייסן סעם.

אַזוי האָב איך אַ נייעם נאָמען געקראָגן, אָן לעקעך און בראָנפן...

* * *

דער באָס האָט מיר אָנגעצייגט אויף אַן איינגעפּאַקטער „באָקס" מיט סחורה, וואָס מ'דאַרף צוטראָגן צו אַ פּלאַץ, און אַ זאָג געטאָן: — גיב אַ לויף צו, ווייל זיי דאַרפן דאָס באַלד האָבן.

איך האָב אַ כאַפּ געטאָן די „באָקס". לויפן אָבער מיט איר, האָב איך ניט געקאָנט. בין איך געלאָפן בלויז אויפן וועג צוריק און בין אַריינגעקומען אין שאַפּ אַ פאַרשוויצטער און נאָך איידער איך האָב אָנגעטאָן אויף זיך דאָס האַריקע פאַרטוך, האָט דער אַנדערער „קאַטער" אַ רוף געטאָן „העי, סעם"! אַזוי ווי אָבער איך בין נאָך ניט געווען צוגעוואוינט צום נייעם נאָמען, האָב איך זיך ניט אומגעקוקט. ווען אָבער ער האָט אַ געשריי געטאָן: „העי־דו!" האָב איך שוין גלייך געוואוסט אַז דאָס מיינט ער מיך. דער קאַטער האָט געוואָלט אַז איך זאָל

פאַר אים אויך נאָס מאַכן פעלן. אָבער ער האָט ליב, אַז זײַנע פעלן זאָלן זײַן גוט נאַס.

ביים נאָס מאַכן די פעלן האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז צווישן די פּאַריערישע בעלי־מלאכות און די „ליידיס ווייסט" אַרבעטער איז דער אונטערשיד גאַר אַ גרויסער. דאָרט איז אַלעס צוגעגאַנגען פיל איידע־לער; ביי די יידן מיט די יאַרמעלקעס האָב איך געהייסן: שלמה, און אפילו שלמהלע...

* * *

אַז איך האָב דעם קאַטער דערלאַנגט די פעלן און זיך געלאָזט אַוועקגיין, האָט ער מיך גלייך גערופן צוריק:

— די פעלן זײַנען נישט נאַס גענוג — האָט ער מיר געזאָגט און צוגעגעבן אַ חכמהלע:

— האָב נישט קיין רחמנות אויף דעם באַס און זשאַלעווע נישט קיין וואַסער ווען דו מאַכסט נאַס פעלן פאַר מיר; דער באַס איז גענוג רייך.

פּאַרטיק געוואָרן מיט זײַן דרשה, האָט מען מיך געשיקט ברענגען אַ פּאַר „פּיטשערס" ביר. אַז איך האָב אַרויפגעבראַכט דאָס ביר האָט מיך גערופן דער נאַגלער; פונם נאַגלער האָט מיך גערופן דער קאַטער, וועלכער האָט ליב אַז זײַנע פעלן זאָלן זײַן „קאַם, קאַם צוגעדעמפּט.

אַזוי זײַנען געלאָפן די טעג און איך בין געוועזן „ביזי" מיטן נאַגלער, מיטן אַראָפּנעמען פון די ברעטער, און איבערקערן די ברעטער; מיט די „קאַטערס", וואָס איינער וויל אַ סך וואַסער אויף די פעלן און דער צווייטער—וואָס ווייניקער וואַסער, און אויך מיטן באַס, וואָס הייסט מיר תמיד געבן אַ לויף־צו מיט אַ באַקס, וואָס איז אָפט־מאָל גרעסער פון מיר...

דאָס מאַשינדל האָב איך אָנגעזען אפשר אַ שעה אין טאָג. און אַזוי איז אַוועק די וואָך און איך האָב געקראָגן די ערשטע „פּיידע" אַלס פּאַריער.

— — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב אָנגעפאַנגען אַרבעטן די צווייטע וואָך איז, אַז איך פלעג הערן: „העי, סעם!" האָב איך שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען

מיך. איז מיטן באַס און מיטן נאַגלער בין איך מיר אויסגעקומען גאַנץ גוט, נאָר מיט די ק אַ ט ע ר ס האָב איך געהאַט צרות.

דער קאַטער וואָס האָט פיינט צו אַרבעטן צו־נאַסע פּעלן, האָלט אין איין שרייען: „גיב ניט די פּעלן קיין ב אָ ד״. . .

דער קאַטער אָבער, וואָס האָט ליב אַ סך וואַסער אויף די פּעלן, האַלט מיר אין איין זאָגן: „האָב נישט קיין רחמנות אויפן באַס, זשאַלעווע נישט קיין וואַסער!״ איז וויפיל וואַסער איך האָב נישט אַרויפגעטאָן אויף די פּעלן איז אים אַלץ נישט געווען גענוג און ער איז אַלץ נישט געווען צופרידן.

זיין חכמהלע: „האָב נישט קיין רחמנות אויפן באַס, זשאַלעווע ניט קיין וואַסער!״ ניט איינמאָל, נאָר יעדעס מאָל וואָס ער האָט מיר געגעבן פּעלן צום נאַס מאַכן — האָט מיך שוין גענומען נודיען. איז איינ־מאָל האָב איך נאַס געמאַכט פּאַר אים פּעלן און ווען איך האָב זיי אים געבראַכט, האָט ער מיר אָוועקגעלייגט דיזעלבע טענה: — ניט נ אַ ס גענוג!״ און האָט מיר געהייסן די פּעלן נאָכאַמאָל איבערנעצן.

ביי מיר האָט שוין גענומען דאָס בלוט קאָכן. האָב איך אַ כאַפּ געטאָן די פּעלן און אָנשטאָט צו שטעלן זיך זיי איבערצונעצן, האָב איך זיי אַלע מיט איינמאָל אַריינגעוואָרפן אין דער באַליע מיט וואַסער... און איך האָב אים צוגערופן:

— איצט וועלן זיי שוין זיין נאַס גענוג?

איך ווייס ניט ווי אַזוי דער קאַטער האָט זיך צוריקגעהאַלטן און מיר ניט דערלאַנגט אויפן אָרט אַ פּאָר פּעטש, אַזוי אין כעס איז ער געוואָרן. אָבער ער האָט זיין כעס אויסגעלאָזט מיט אַ געשריי צום באַס:

— זע וואָס דיין בייער ב ע ל ־ מ ל א כ ה האָט געטאָן!

ווען מיין באַלעבאָס האָט דאָס דערזען איז ער געוואָרן ווייס ווי קאַלך און מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער געגעבן אַ געשריי:

— ס מ אַ ר ק, אַרויס פון דאַנען!

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָס וואָרט „ס מ אַ ר ק״ איז ניט געווען ביי פּאַר מיר, ווייל מע האָט מיך דאָס גענוג מאָל אין מיין לעבן גערופן, נאָר אין אַזאַ טאָן ווי ער האָט דאָס מיך גערופן סמאַרק, האָב איך געהערט צום ערשטן מאָל.

## „דינער-טיים"

— וואָס, ס'איז שוין „דינער־טיים"?—האָט מיר מיין פעטער פיניע אַ פרעג געטאָן, ווען ער האָט מיך דערזען אין מיטן דערינען אין שאָפּ.
— ניין, ס'איז „ס מ אַ ר ק ־ ט י י ם"— האָב איך אים פאַרשעמט געענטפערט. — דער באָס האָט מיך גערופן „סמאַרק"!
— הע, שלמה, עפּעס געפּעלט מיר נישט די מעשה. גלאַט מיר־ניט דיר־ניט רופט מען נישט סמאַרק, מסתמא האָסטו שוין עפּעס אָפּגעטאָן!
— איך האָב גענעצט פעלן פאַר איין קאַטער, האָב איך זיי צופיל פאַרנעצט. . .
— שלמה, איך זע אין דיינע אויגן אַז ס'איז געווען מיין ווי דאָס. קום אַרויס מיטן אמת.
ניט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָב איך גענומען דערציילן די מעשה ווי ס'איז געווען, אַז אנשטאָט איבערצונעצן די פעלן פאַרן קאַטער, וועלכער האָט אַלץ געשריגן, אַז איך „זאָל קיין רחמנות ניט האָבן אויפן באָס און ניט זשאַלעווען קיין וואַסער," האָב איך די פעלן אַריינגעוואָרפן אין באַליע וואַסער און אַן עק.
ווען פיניעס שותף האָט דאָס דערהערט האָט ער אויסגעשאָסן אַ שטאַרק געלעכטער. פיניע אָבער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פון לאַכן. איך האָב אָבער געמערקט אין אים, אַז ער האָט אויך הנאה געהאַט פונם שפּיצל וואָס איך האָב אָפּגעטאָן, דאָך האָט ער געמאַכט אַ שטרענגע מינע און מיר געזאָגט:
— שלמה, ס'איז צרות מיט דיר. אויב דו וועסט זיך אַזוי אויפ־פירן, מעגסטו פאַרן צוריק קיין ט ו י ט ע ר י ס . . .
נאָך די שטרענגע פאַר ווערטער וואָס פיניע האָט מיר געזאָגט, האָט לאַנג ניט גענומען און ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס מעסער, אויס־געטאָן דאָס פאַרטוך און אַ זאָג געטאָן:
— קום, שלמה, וועלן מיר גיין עסן דינער!
דער רעסטאָראַן איז נאָך געווען ליידיקלעך, ווען מיר זיינען אָנגעקומען. עס איז נאָך געווען בעפאָר צוועלף אַזייגער. מיר האָבן זיך

אָוועקגעזעצט ביי אַ טיש און נאָך איידער מיר האָבן געאָרדערט וואָס צו עסן, האָט פּיניע זיך גענומען אַרומקוקן און ווי נאָר ער האָט דערזען עפּעס אַ באַקאַנטן זיך אַוועקזעצן ערגעץ, איז ער צוגעלאָפן צו אים, גערעדט אַ פּאָר מינוט און איז געקומען צוריק.

באַלד האָט דער רעסטאָראַן זיך גענומען אָנפּילן. פּאָריערס האָבן גענומען קומען אין די מ אַ ס ן, און פּיניעס אויגן האָבן ניט גערוט און ווי נאָר ער האָט דערזען אַ באַקאַנטן אַריינקומען, האָט ער אַ געשריי געטאָן: — חיים, יאָסל, הערשל, מאַקס!

ביסלעכוויז האָט זיך אונדזער טיש באַזעצט און פּיניע האָט זיך גענומען נאָכפרעגן: וואו קריגט מען אַ ד ז ש אַ ב פּאַר דעם גרינעם אָפּערייטאָר? — אָנווייזנדיק אויף מיר.

די באַקאַנטע זיינע האָבן זיך גענומען ברעכן די קעפּ און דריבגעגן, אַז דאָ טויג נישט, דאָרט וויל מען נישט, און ערגעץ אַנדערש באַדאַרף מען נישט. ביז איינער איז אַרויסגעקומען מיט אַ גוטן אַדרעס:— פלאַקסמאַן און פריינט. עס איז אַ גרויסער שאָפּ. עס אַרבעטן דאָרטן פופצן אָפּערייטערס, אַזוי פיל קאַטערס, און זיי נעמען אָפט אַרויף „גרינע", אָבער אַהין באַדאַרף מען ג י י ן — אַמאָל אַ וואָך, אַמאָל צוויי און אָפט מאָל מיין.—פלאַקסמאַן איז זייער אַ פיינער מענטש און ער האָט ליב צו געבן אַ „ ט ש ע נ ס" אַ גרינעם.

— אַ דאַנק פאַר דער גוטער עצה — האָט פּיניע אַ זאָג געטאָן דעם בחור, און זיך גלייך אויפגעהויבן פון טיש מיט אַ „גוד־באַי" און איך בין אים נאָכגעגאַנגען.

— איצט, שלמה, זאָל דיר נישט נמאס ווערן — האָט פּיניע מיר געזאָגט, שוין ביי דער טיר פון זיין שאָפּ. — גיי יעדן טאָג און פרעג זיך פאַר אַ דזשאַב, ווייל אויב ניט ביי פלאַקסמאַן און פריינד, וועסטו מוזן פאָרן צוריק קיין ט ו י ט ע ר י ס.

— — — — — — — — — — — — — —

## די פּראָבע

— זאָג מיר, ייִנגעלע, וואו האָב איך דיך ערגעץ געזעהען? — האָט מיך פּלאַקסמאַן אַ פרעג געטאָן.

ווייזט אויס אַז ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן, אַז ער האָט מיך פון מאַנטיק אָן געזען יעדן טאָג אין זיין אָפיס, און דאָס איז שוין פרייטיק, און ער האָט מיר אַלע טאָג געגעבן דעמזעלבן ענטפער אויף מיין פראַגע, צי ער דאַרף אַן אָפּערייטאָר? — איך דאַרף נישט.

אויף אַ פראַגע אָבער קומט דאָך אַן ענטפער. האָב איך אים גע־ענטפערט, אַז איך האָב געאַרבעט אין אַ פּאָר פּלעצער, אפשר האָט ער מיך דאָרט געזען, אָדער אין גאַס—איך בין דאָך אין „טרייד.״ . .

— קום אַרויף מאָרגן פאַר פּראָבע, וועלן מיר זען צי דו שניידסט זיך פאַר אַן אָפּערייטאָר.

איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז ווען זיי פלעגן אַרויפנעמען אַן „אָפּערייטאָר־אין־ווערן״ איז אויב מ'האָט געזען אַז ער טויג זיך אויס, האָט מען אים געהאַלטן, ווען ניט, האָט מען דעם „גרינעם״ אַוועק־געשיקט און אַרויפגענומען אַן אַנדערן. איך האָב פּלאַקסמאַנען ניט אָפּגענאַרט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין ניט לאַנג אין טרייד.

איך בין אַריינגעקומען שבת אינדערפרי צו דער אַרבעט און איך האָב זיך גוט אָפּגעמוטשעט דעם טאָג, ווייל מ'האָט מיך אַוועקגעזעצט ביי אַ מאַשין אויף וועלכער מ'האָט געאַרבעט מיט די פיס — אַ „פוט־פּאַוער מאַשין״ האָט דאָס געהייסן. גוטע אָפּערייטאָרס האָבן געאַרבעט אויף מאַשינען באַטריבן מיט עלעקטריק.

דער „אינסייד־באָס״, מיסטער פריינד, איז אַלעמאָל צוגעקומען צו מיר, אַ קוק געטאָן, אַ טאָפּ געטאָן, זיך געגעבן אַ קראַץ וואו עס האָט אים געביסן און איז אַוועקגעהונקען — ער פלעגט נאָכשלעפּן אַ פוס.

פאַרנאַכט ביים אַוועקגיין האָט ער מיר געהייסן אַריינגיין אין אָפיס צו פּלאַקסמאַנען.

— וויפיל ווילסטו אַ וואָך? — האָט מיך פּלאַקסמאַן אַ פרעג געטאָן. אַזוי ווי ס'האָט אויסגעקוקט, אַז איך האָב די פּראָבע אויסגעהאַלטן,

האָב איך אַ טראַכט געטאָן: דריי דאָלער אַ וואָך איז צו ווייניק; פינף דאָלער איז צופיל; האָט זיך עפּעס אַרויסגערעדט פון זיך:

— איך וואָלט געוואָלט האָבן זעקס דאָלער אַ וואָך.

— אָלרייט — האָט ער מיר געענטפערט — נאָר מיר האָבן אַ סיסטעם, אַז מיר פאַרהאַלטן איין דאָלער אַ וואָך פון יעדן אַרבעטער, אַז ער זאָל ניט אַוועקגיין אין מיטן־דערינען ווען עס ווערט ב י ז י.

— — — — — — — — — — — — — —

איך בין גלייך אַוועק צו מיין פעטער פיניע, אים דערציילן פון דער גרויסער געשעעניש, אַז ניט נאָר האָב איך אויסגעהאַלטן די פּראָבע, און קריג גאַנצע ז ע ק ס דאָלער אַ וואָך, נאָר נאָך וויכטיקער פון אַלעס: פלאַקסמאַן האָט ח ת ו נ ה געהאַט מיט מיר ביז דער ענדע פון ס ע ז אָ ן.

## מ י ט ב ר י ד ע ר

אַ געשטאַרקטער, אַ מוטיקער בין איך אַריין מאָנטיק אינדערפרי צו דער אַרבעט און זיך אַוועקגעזעצט צו דער מאַשין, גלייך מיט אַלע אָפּערייטאָרס.

אין יענע יאָרן, אַז אַ גרינער פלעגט אַרויפקומען אין אַ שאַפּ אַרבעטן, פלעגן די ברידער־מיטאַרבעטער אים אָנהויבן דערגיין ביס־לעכווייז די יאָרן, בלויז צוליב אַביסל שפּאַס . . .

איין נאַגלער האָט געאַרבעט אין שאַפּ איז ער געווען אַ ספּעציאַ־ליסט אין צ י ל ע ו ו ע ן . . . האָט ער ביי זיין ערשטער מעגלעכקייט מיר אַריינגעצילעוועט אַ שטיקל נאַסע וואַטע גלייך אין אַן אויג אַריין.

די מיטברידער האָבן שטאַרק אָנגעקוואָלן פונם נאַגלערס „פּאַכ־מאַנישקייט".

ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן פון בענקל, האָט אַ ברודער אָפּע־רייטאָר מיר אונטערגעשטעקט אַ „פין" און ווען איך האָב זיך אַוועקגע־זעצט, האָב איך זיך געגעבן אַ צאַפּל און אַ שפּרונג אויף.

די ברדיער־אָפּערייטערס האָבן זיך שטאַרק צעהירזשעט פון זייער געלונגענעם שפּיצל.

דאָס שפּיצל מיט דער שפּילקע האָט זיי געלונגען בלויז איינמאָל, ווייל איך האָב גענומען אַכטונג געבן פאַרן אָוועקזעצן זיך.

פונם באַגלער אָבער האָב איך געהאַט צרות פאַר אַ לאַנגער צייט. אַזוי גיך ווי מיסטער פּריינד, דער „אינסייד באָס" האָט אַרויסגעהונקען פון שאָפּ, האָבן אָנגעהויבן פליען די שטיקלעך נאַסע וואַטע אין די אויגן. ביז איינמאָל, ווען איך האָב דערפילט אַז עס דאַרף זיך באַלד אָנפאַנגען דאָס שפּיל, האָב איך גענומען וואַרפן גנבישע בליקן און ווען דאָס שטיקל וואַטע האָט גענומען לויפן, האָב איך מיט דער האַנט דאָס געגעבן אַ שטויס צוריק און ס'האָט דורך אַ צופאַל געטראָפן אויפן „פינישינג טייבל" אויף אַ „לייענינג". די מיטברידער האָבן שוין מער ניט געלאַכט.

אָבער עס איז פאַראַן נאָך זאַכן אין אַ שאָפּ מיט וואָס די ברידער אַרבעטער קאָנען זייערן אַ מיטברידער דערגיין די יאָרן, און מ'איז זיי מיר ריכטיק דערגאַנגען, אַז איך האָב קיין רואיקע מינוט ניט געהאַט.

דאָס אָבער איז נאָך ניט געווען אַלעס:

— דזשייק, גיב אים אַ „פּייט"!

עס האָט געאַרבעט אין שאָפּ איין אָפּערייטאָר, אַן אַמעריקאַנער יינגל, וועלכער האָט נאַטירלעך געקאָנט די קונסט פון „פּייטן" זיך. איז מיטאָג־צייט, איידער מע פלעגט אַרויפגיין צוריק צו דער אַרבעט, פלעגט מען מיך אַרומרינגלען און הייסן דזשייקן, אַז ער זאָל ווייזן דעם גרינעם ווי אַזוי מען „פּייט" זיך אין אַמעריקע. דער עולם האָט געוואָלט האָבן „פאָן", און דאָס ניט איינמאָל נאָר אַלע טאָג „דינער־טיים" פלעגט זיך דזשייק אָנפאַנגען „פּייטן" מיט מיר און דאָס ר ע ד ל מענטשן איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן גרעסער. עס איז געוואָרן אַ מין „דינער ספּאָרט" ביי זיי.

איך האָב געהאַט צוויי קאָזינס, דזשעק און פיליפּ, אויך פאַר אָפּער־רייטאָרס, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר ש ט אַ ר ק ע. בין איך צוגעגאַנגען צו זיי און מיט טרערן אין די אויגן זיי דערציילט, וואָס איך האָב אויסצושטיין פון „דזשייקעלע דעם פּייטער."

אויפן צווייטן טאָג „דינערטיים" זיינען דזשייק מיט פיליפּן צוגע־

קומען און זיך אויך אַוועקגעשטעלט אין דעם רעדל מענטשן, און אַזוי גיך ווי „דזשייקעלע דער פּייטער" האָט זיך גענומען צעפּירן די הענט איז מיין קוזין דזשעק אַריין אין מיטן און אַ זאָג געטאָן אין אַ באַסאָווער שטימע:

— איך וועל זיין דער „רעפּערי" — און אָנגעוויזן אויף פּיליפּן — און דאָס איז מיין „פּאַרטנער".

— **אויב דו וועסט אים נאָכאַמאָל „באַדערן" אָדער „פּייטן", וועלן** מיר דיר אַרויסלאָזן די געדערים!

דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים האָט „דזשייקעלע פּייטער" גלייך אַראָפּגעלאָזט די הענט...

די „מיט־ברידער" האָבן זייער „דינער־פּאַן" פון מיר שוין קיינמאָל מער ניט געהאַט.

## דו עסט זיי?

אין שאַפּ האָט זיך פלאַקסמאַן צופיל ניט געמישט. דער „אינסייד באָס" איז געווען מיסטער פּ ר י י נ ד, אַ קליין יידעלע, וואָס האָט נאָכגעשלעפּט אַ פוס און זיך געהאַלטן אין איין קראַצן... ער פלעגט אַרויסגעבן די אַרבעט, אָפּנעמען די אַרבעט און אויסטיילן נאָדלען.

די נאָדלען פלעגט ער האַלטן אין וועסטל־קעשענע אין דער לינקער זייט, נאָענט צום האַרצן. און ווען מען פלעגט צוקומען צו אים נאָך אַ נאָדל, פלעגט ער דאָס ערשטע זיך אַ קראַץ טאָן, נאָכדעם אַ זאָג טאָן אין אַ קרענקלעכן טאָן: — וואָס טוסטו מיט די „נידלס", דו עסט זיי?

און אויב אַ נאָדל האָט זיך באַלד צעבראָכן און מ'איז געגאַנגען נאָך אַנאַנדער נאָדל צו אים, פלעגט ער שוין ברומען:

— עס קוקט אויס, אַז דו ע ס ט זיי ניט, נאָר דו שלינגסט זיי.

אַזאַ אָפּערייטאָר ווי איך בין געווען, ביי וועמען נאָדלען האָבן זיך מער געבראָכן ווי געניית, איז אַז איך פלעגט באַדאַרפן צוגיין צו אים נאָך אַ נאָדל, פלעגט מיך באַגיסן אַ קאַלטער שווייס.

## קינדער, נייט!

אונדזער „אינסייד באָס“, פריינד, האָט געהאַט אַ סיסטעם, אַז אַ צוויי, דריי מאָל אַ וואָך פלעגט ער אַרויסגעבן יעדן אָפּערייטאָר אין איינער און דערזעלבער צייט אַ טוצן „מאָפּס“ צו נייען און פלעגט דערביי אַ זאָג געבן: — קינדער, נייט!

די „קינדער“ זיינען געווען גוטע קינדער, האָבן געלאָזט לויפן די מאַשינען און געשוויצט. יעדן פון די אָפּערייטאָרס האָט זיך געוואָלט זיין דער ערשטער צו צוטראָגן דעם באָס דעם טוצן אויפגענייטע מ ו פ ט ע ס.

אָבער נישט יעדן איז דאָס געגאַנגען. דעם כבוד צו זיין פון די ע ר ש ט ע פלעגט געלינגען צוויי אָדער דריי אָפּערייטאָרס און די איבעריקע האָבן זיך שוין נאָכגעשלעפּט . . .

ווער עס איז געווען דער גליקלעכער אויפצוהויבן זיך פון דער מאַשין דער גאָר ערשטער אויף צוצוטראָגן דעם באָס דעם טוצן מופּטעס, פלעגט זיך ביי אים די איינגעבויגענע פלייצע פלוצים אויסגלייכן און ניט נאָר פלעגט ער ווערן שטאָלץ מיט זיך אַליין, נאָר דער גאַנצער שאָפּ האָט געגומען אַרויפקוקן צו אים ווי צו איינעם, וואָס האָט אויפגעטאָן אַ געוואַלדיקע העלדישקייט.

— — — — — — — — — — — — — —

אַזוי גיך ווי איך בין אַריבער פון דער „פוט־פּאַוער“ מאַשין צו אַן עלעקטרישער, האָט מיך מר. פריינד אַריינגענומען אין קאָן פון די ק י נ ד ע ר און מיר אויך דערלאַנגט אַ טוצן מופטעס.

פּאַרטיק געוואָרן מיטן נייען בין איך ניט דער ערשטער און אפילו ניט פון די לעצטע, נאָר דער גאָר, גאָר לעצטער, און נישט דעם ערשטן טאָג, נאָר ערשט דעם צווייטן טאָג.

ווען איך האָב זיי צוגעטראָגן צום באָס, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:
—וואו ביזטו געווען נעכטן? איך האָב געמיינט אַז דו ביזט אַהיים געפאָרן צו זען דיין מאַמען אין „יוראָפּ“!

# אַ רחמנות

אויף די אָפּערייטאָרס, וואָס פלעגן זיין די לעצטע צו צוברענגען דעם טוצן אויפגעניייטע מופטעס צום באָס, פלעגט זיין אַ גאַנצער רחמנות צוקוקן. אויסער דעם באָסעס בליקן, וואָס האָט געשטאָכן ווי מיט נאָדלען האָבן די שטעכווערטלעך פון די אַרבעטער נאָך מער ווי געטאָן. אַלע פלעגן חוזק מאַכן פון די לעצטע.

עס איז געווען אַ מין „ספּאָרט" ביי די „ברידער־אַרבעטער" זיך נוקם צו זיין אין די שוואַכערע בעל מלאכות.

אַזוי ווי איך האָב ביידע זאַכן ניט געקאָנט פאַרטראָגן: ניט דאָס רחמנות האָבן אויף מיר און ניט די שטעכווערטלעך אויף מיין חשבון, האָב איך באַשטימט אַז בלויז דאָס מאַשינדל קאָן מיר העלפן קריגן אַביסל רעספּעקט צו מיר, אי פון באָס און אויך פון די ברידער־אַרבעטער, האָב איך גענומען אַוועקגעבן דעם גאַנצן קאָפּ און די גאַנצע ענערגיע מיינע צום מאַשינדל, און עס האָט גענומען גיין ביי מיר פון טאָג צו טאָג אַלץ בעסער.

אין משך פון אַ פּאָר חדשים האָב איך שוין געהאַט באַוויזן צו זיין טאַקע דער לעצטער אינם „קינדער בייט רעיס" וואָס אונדזער באָס, פריינד, פלעגט רעגולאַרנע דורכפירן אַ צוויי־דריי מאָל אַ וואָך.

עס איז געווען אַ גאָר גרויסער חילוק צו קומען צום באָס מיט די „מופטעס" דער גאָר לעצטער אויפן צווייטן טאָג ביז צו זיין דער לעצטער בלויז דעם ערשטן טאָג פון רעיס.

אמת, קיין אָנערקענונג פון באָס, אינם זין פון אַ העכערונג אין „ווייִדזשעס" האָב איך נאָך ניט געהאַט געקראָגן, אָבער די אַרבעטער, די געוועזענע לעצטע, ווייל איך האָב דאָך זיי ממש געראַטעוועט — דער לעצטער בין איך דאָך שוין געווען — האָבן מיך אָנגעהויבן מקרב זיין און „דינער־טיים" פלעגן מיר שוין אָפט זיצן ביי איין טיש.

— — — — — — — — — — — — — —

## ביטע און דאַנקע שיין!

קיין גרויסער יקרות, זיין יענע יאָרן, איז אין אַמעריקע טאַקע ניט געווען, אָבער מיט די זעקס דאָלער אַ וואָך, פון וועלכע איך האָב גע־קראָגן בלויז פינף—וויל איין דאָלער האָבן דאָך די באַלעבאַטים פאַר־האַלטן כדי צו זיין זיכער, אַז איך וועל זיי ניט פאַרלאָזן אינמיטן סעזאָן—איז מיר טאַקע געווען שווער אויסצוקומען.

וואָס שנעלער איך האָב זיך גענומען באַוועגן ביי דער מאַשין, אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן מיין אַפּעטיט.

מיטאָג פלעג איך עסן אין אַ מילכיקן רעסטאָראַן, וואו מ׳האָט גע־קראָגן אַ טעלער זופּ און אַ האַלבן טוץ וואַרעניקעס פאַר פופצן סענט. פלעגט דער אָרדער צום ווייטער זיך יעדן טאָג אויטאָמאַטיש אַרויסזאָגן:

—איין טעלער „זופּע", א פאַרציאָן „פּיראָגן".

אין יענע יאָרן פלעגט מען זיך באַנוצן מער מיט דייטשמעריש אײדער מיט פּראָסט יידיש—עס האָט „געקלונגען שענער."

דער ווייטער, וואָס פלעגט מיך באַדינען, איז געווען אַ שטיקל „דייטש". איך אַליין, קומענדיק פון דער בוקאָווינע, בין דאָך אויך געווען אַ „שטיקל דייטש", איז ביים אָרדערן די „זופּע" מיט די „פּיראָגן" פלעג איך צוגעבן: „ביטע הער ווייטער" און ביים דערלאַנגען מיר דעם אָרדער: „דאַנקע שיין מיין הער." מיין העפליכקייט צו אים האָט אים שטאַרק געשמייכלט און ער האָט מיר גענומען ביסלעכווייז אָפּצאָלן דערפאַר.

איך פלעג שטענדיק זיצן ביי אַ טישל, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, וואָס פירט אין קיך און פון דער קיך. איז ווען ער פלעגט מיר דער־לאַנגען מיין פאַרציע פּיראָגן, וואָס מיר איז געקומען צום אָרדער, פלעג איך מיט זיי פאַרטיק ווערן אַזוי שנעל, אַז ווען ער פלעגט אַ פאַר־שמייעטער לויפן צוריק אין קיך, איז שוין ביי מיר אויפן טעלער ניט געווען קיין סימן פון קיין פּיראָגן. פלעג איך מיר מיט אַ רחמנות פּנים אַ זאָג טאָן צו אים:—הער ווייטער, מיינע פּיראָגן?—און מיין „הער ווייטער" פלעגט אויף זיין וועג צוריק פון קיך מיר דערלאַנגען נאָך אַ פאַרציע און אַמאָל צוויי פאַרציעס פּיראָגן.

און ווען איך פלעג ווידער מיט אַ רחמנות פּנים נעמען בעטן ביי אים אַ טשעק, פלעגט דער טשעק קיינמאָל מער ווי פּופּצן סענט ניט באַטרעפן.

## גנבישע סטייקלעך

דריי מאָל אַ וואָך פלעגן די אַרבעטער ווען איבעררייסן די מאָנאָ־טאָנישקייט פון „זופּע מיט פּיראָגן", פלעגט מען גיין עסן פּליישיקס — פלעג איך אויך מיטגיין מיט זיי.

געגעסן האָבן מיר אין אַ „סאַלון"־רעסטאָראַן. דאָרט פלעגט מען עסן אַ שיסל געהאַקטע לעבער מיט אַ סך ברויט מיט זויערע אוגערקעס פאַר צען סענט און פאַרטרינקען מיט אַ גלאָז ביר פאַר פינף סענט.

מען פלעגט דאָרט אויך מאַכן סטייקס אויפן פייער. אין אָט־די סטייקלעך בין איך געווען שטאַרק פאַרליבט. אָבער סטייקס קאָסטן דאָך געלט—נאָך צוואַנציק סענט—און קיין געלט האָב איך דאָך ניט געהאַט, איז ווען עס פלעגט זיין שטאַרק ביזי אין רעסטאָראַן, פלעג איך אָרדערן ביים ווייטער אַ שיסעלע לעבער, אַ סטייק און אַ גלאָז ביר.

מיט דער לעבער פלעג איך זיך שפּילן ביז דאָס „סטייקעלע גנב" פלעגט אַרויף אויפן טיש, און דאַן פלעג איך ווערן אַ הודיני ממש און איינס־צוויי־דריי איינגעשלונגען דעם סטייק, דעם טעלער געגעבן אַ רוק אַרונטער אונטערן טיש און זיך גענומען פאַרענדיקן די לעבער מיט די אוגערקעס.

ווען דער איירישער ווייטער, וועלכער איז זעלטן געווען ניכטער, פלעגט צוקומען און זיך נאָכפרעגן, ווער וואָס מ'האָט געגעסן, כדי צו געבן די טשעקס, האָט ער ביי מיר זיך ניט געהאַט וואָס צו פרעגן. ער האָט דאָך געזען אַז איך זעטיק זיך מיטן ביסעלע לעבער און קוויק זיך מיטן טראָפּעלע ביר—קומט מיר אַ טשעק פאַר פופצן סענט.

אַזוי פלעג איך מיר עסן מיטאָגס, ניט ווי אַן אַרבעטער וואָס פאַרדינט בלויז זעקס דאָלער, נאָר ווי איינער וועלכער פאַרדינט פופצן דאָלער אַ וואָך.

— — — — — — — — — — — — — —

איין נאָכמיטאָג, ווען איך בין אַרויפגעקומען אין שאַפּ. עס איז נאָך געווען בעפאַר איינס אַזייגער, ווען מען פלעגט זיך זעצן צוריק צו דער אַרבעט, איז דער באָס געשטאַנען און דערציילט ווערטלעך און אַלע אַרבעטער אַרום האָבן געלאַכט — ער איז דאָך פאָרט דער באָס! — פּלוצים האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— הער נאָר, שלמה׳קע, איך הער גאָר ניט קיין שיינע זאַכן פון דיר! די באַגנבעסט די רעסטאָראַן־קיפּערס!

איך האָב קיין סך ניט געטראַכט און אים גלייך געענטפערט:

— יאָ, ס׳איז אמת, מיסטער פריינד, נאָר אויב איר ווילט קאָנט איר מיך מאַכן פאַר א ו י ס ־ ג נ ב , גיט מיר אַ דאָלער אַ ר ע י ז!...

דער קלונג א י י נ ס פון זייגער האָט אים געראַטעוועט פון צו געבן מיר אַן ענטפער, און איך האָב זיך ווייטער געמוזט קליגערן צו שטילן מיין אַפּעטיט.

## אַ פּאַפּירענע קרוין

די צייט איז געלאָפן צוזאַמען מיטן מאַשינדל און איך בין געוואָרן געהיבטער פון חודש צו חודש, און ווען דער באָס נעמט דורכפירן דעם „מופּטע־רייס" קום איך שוין אַריין מיט די „מופּטעס" דער זעקסטער אין „רעיס" צווישן די פּופּצן אָפּערייטאָרס, און אָט־אָט בין איך שוין דער פערטער... און אין איין שיינעם טאָג האָט אַ באָמבע געפּלאַצט:

דער באָס האָט אָנגעפאַנגען דעם „רעיס" ווי געוויינלעך: יעדן דערלאַנגט אַ טוצן מופּטעס און אַ זאָג געטאָן:

— ק י נ ד ע ר, נ י י ט !

ווי די רעיס־פערדלעך האָבן מיר זיך אַלע אַ לאָז געטאָן, און גאָר אומגעריכטערהייט, סיי פאַר די אַרבעטער, סיי פאַרן באָס, בין איך דער ערשטער פאַרטיק געוואָרן מיטן נייען. זיך געגעבן אַ שנעלן הויב אויף פון דער מאַשין, אַ כאַפּ געטאָן די מופּטעס און מיט שטאָלץ זיי גענומען טראָגן צום באַלעבאָס.

מיין אויפטו האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין שאַפּ. אַלעמענס בליקן זיינען געפאַלן אויף מיר און אַ שושקעניש האָט זיך גענומען

טראָגן: — אָט דאָס הייסט אַ מזיק! אין זעקס מאָנאַטן צייט צו באַווייזן אַזאַ זאַך: אַריבעריאָגן אַלע אָפּערייטאָרס.

אַ רחמנות איז באמת געווען צו קוקן אויף די געוועזענע העלדן, ווי מיט שלאָבערדיקע טריט האָבן זיי זיך גענומען נאָכשלעפּן איינס נאָכן אַנדערן, נאָך מיר.

מיין קלוגער באַלעבאָס, ווען ער האָט מיך דערזען דעם ערשטן צו קומען פונם „רעיס", האָט ער זיך געגעבן אַ קראַץ און מיט אַ קרענק־לעכן שמייכל אַ זאָג געטאָן: — אַז מען ווי ל קאָן מען!

ווען איך האָב זיך צוריק אַוועקגעזעצט צו דער מאַשין, איז צוגע־קומען צו מיר דער נ אַ ג ל ע ר, וועלכער פלעגט מיר וואַרפן די שטיקלעך נאַסע וואַטע אין די אויגן, און מיר אָנגעטאָן אַ פּאַפּירענע ק ר ו י ן.

## אַ ש נ אַ פּ ס

די פּאַפּירענע קרוין, וואָס גדליה דער נאַגלער האָט מיר אָנגעטאָן, האָב איך באַלד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך. די שטימונג אָבער, וואָס האָט געהערשט אין שאָפּ צוליב דעם „ניי־געקרוינטן" אָפּערייטאָר האָב איך ניט געקאָנט צעשטערן, פונקט ווי די נאַסע שטיקלעך וואַטע וואָס איך פלעג קריגן אין די אויגן און די שטעכיקע שפּילקעס ביים אַוועקזעצן זיך, אַזוי האָבן גענומען פליען שטעכווערטלעך אויפן חשבון פון די פריערדיקע דריי „העלדישע" אָפּערייטאָרס, און אַזוי גיך ווי מ'איז אַרונטער פון שאָפּ נאָך דער אַרבעט, האָט איין קאָטער אַ געשריי געטאָן:

— העי, חברה, היינט איז דאָך קאָראָנאַציע, מע דאַרף נעמען אַ שנאַפּס!

— אַוודאי דאַרף מען נעמען אַ טרונק בראָנפן — האָט גדליה דער נאַגלער צוגעגעבן:

— סעמקע, אין דיין כבוד וועגן וועלן מיר היינט מאַכן אַ לחיים!

— אַז אַ יינגעלע ווי דו האָט געקאָנט באַווייזן אַזאַ קונץ, איז קומט חברה — האָט אַ צווייטער קאָטער געגעבן אַ באַפעל.

זאַלבע פינף זיינען מיר אַריין אין אַ סאַלון און יעדער איינער האָט געקויפט אַ טרונק פאַר אַלעמען אין מיין כבוד וועגן.

איך בין געווען דער לעצטער אין דער ריי צו צאָלן פאַר די פינף גלעזלעך שנאַפּס, כאָטש איך האָב געפילט אַז איך האָב שוין געהאַט גענוג „כ ב ו ד" פון די ערשטע פ י ר, דאָך האָב איך אַריינגעגאָסן אין זיך דאָס פינפטע גלעזל בראָנפן. איך האָב דאָך ניט געקענט אָפּשטיין פון די אַנדערע, האָב איך זיך טאַקע קאָם דערשלעפּט צו מיין וואוינונג.

ווען מיין מיסעס האָט מיך דערזען אַ וואַקלדיקן, אַ פאַרפלאָמטן, איז זי געווען זיכער, אַז איך בין ניט מיט אַלעמען, האָט זי מיך גלייך אַריינגעלייגט אין בעט אַריין און מיר צוגעלייגט אַ נאַסן האַנטוך צום קאָפּ.

## מען חזרט איבער

דעם צווייטן טאָג איז נאָך די שטימונג אין שאָפּ געווען דיזעלביקע. די עלטערע אָפּערייטאַרס האָט יעדער איינער געקיבעצט. אויף מיין חשבון זיינען נאָך אַלץ געפאַלן לויב-געזאַנגען און אפילו דער באָס, מיסטער פ ר יי נ ד האָט זיך געשמייכלט צו מיר, און ווען איך בין צוגעקומען צו אים נאָך אַ נאָדל, האָט ער שוין שנעל אַרויסגעכאַפּט דאָס פּעקל נאָדלען פון וועסטל-קעשענע און מיר דערלאַנגט צוויי נאָדלען מיט איין מאָל: — טאָמער צעברעכסט זיך דיר די נאָדל זאָלסטו ניט דאַרפן לויפן נאָכאַמאָל—האָט ער מיר, דאָס ברייטהאַרציקייט זיינס, געגעבן צו פאַרשטיין.

עס האָט געמיינט פשוט, אַז מיין צייט הויבט אָן צו קריגן „מ ע ר - וו ע ר ט," ווייל די גוטע אָפּערייטאַרס האָט ער תמיד געגעבן צו צוויי נאָדלען מיט איין מאָל.

פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט האָט זיך איבערגעחזרט דיזעלבע זאַך וואָס אַ טאָג פריער: מ'איז אַריין אין סאַלון און זיך מכבד געווען איינס דאָס צווייטע — אַלץ אין מיין כבוד ווענן.

— — — — — — — — — — — — —

## שרה ליבע׳ס מאָנאָלאָג

ווען מיין מיסעס, שרה ליבע, האָט זי געהייסן, האָט מיך דערזען דעם צווייטן אויפדערנאַכט, ווידער אַ וואַקלענדיקן און אַ פאַרפלאָנטן, האָט זי שוין געוואוסט, אַז איך בין ניט קראַנק, פּראָסט און פּשוט— אונטערגעטרונקען־שיכורלעך. זי האָט מיך ווידער אַריינגעלייגט אין בעט, אָבער קיין נאָסן האַנטוך צום קאָפּ האָט זי מיר ניט צוגעלייגט, נאָר זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל לעבן מיין בעט און גענומעןריידן:

— הער מיך אויס, שלמהלע: איך דאַרף דיר ניט זאָגן קיין דעות וואָס צו טאָן. דו וואוינסט ביי מיר, צאָלסט מיר רענט און דאָס אַלעס. אָבער דו ביזט דאָך נאָך אַזאַ יונג קינד! קיין מאַמע, וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף דיר, האָסטו דאָ ניט. בעט איך דיר, טו דאָס ניט מיין. עס איז ניט שיין. עס קאָן דיך נאָך חלילה אַראָפּפירן פון גלייכן וועג. שלאָף זיך איבער, שלמהלע, און געדענק, זאָלס דאָס מער ניט אָן!

— — — — — — — — — — — — — —

אינדערפרי, איידער איך בין אַוועק צו דער אַרבעט, בין איך צו־געגאַנגען צו שרה ליבען און זי געבעטן זי זאָל מיר מוחל זיין.

די וואוילע, גוטהאַרציקע שרה ליבע האָט מיך אַרומגענומען, פונקט ווי מיין מאַמע וואָלט דאָס געטאָן, און מיר געזאָגט:

— איך בין דיר מוחל, מיין קינד, אָבער איך בעט דיך, טו דאָס ניט מיין — עס א י ז נ י ט ש י י ן!

## סטריט - קאָרנערס

אין יענע יאָרן, אַרום 1910, האָבן קיין אימיגראַנטן אין אַמעריקע ניט געפעלט; וואו אָבער לאַנדסלייט זאָלן זיך טרעפן, האָט גראָדע יאָ געפעלט. ווייל גאָר ווייניק פון די ניי־אַריבערגעקומענע האָבן נאָך געהאַט היימען, און די וואָס האָבן שוין יאָ געהאַט שטיקלעך היימען, זיינען דאָס געווען ק ע ס ט ע ל ע ך וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. אָבער ניט אויפצונעמען לאַנדסלייט — און לאַנדסלייט זיינען געווען גאָר אַ סך.

איז געווען אַ מאָדע, אַז לאַנדסלייט פלעגן זיך טרעפן אין גאַס אויף אַ קאָרנער, און מען האָט שוין געוואוסט, אַז די און די לאַנדסלייט פון דער און דער שטאָט אָדער געגנט, קאָן מען טרעפן אויף דעם און דעם קאָרנער, אַזוי אַז אַלע „סטריט קאָרנערס״ פון אָרטשאַרד סטריט ביז דעם „ריווער״ זיינען אויף ריווינגטאָן סטריט געווען פאַרכאַפּט פון פאַר־שידענע גרופּעס לאַנדסלייט.

אויך מיר, עטלעכע לאַנדסלייט פון פאַרשידענע דערפלעך פון אַרום אונדזער געגנט האָבן אַ געוויסן קאָרנער אויף ריווינגטאָן סטריט פאַר זייער אייגענטום דערקלערט, וואו מיר פלעגן זיך אָפט טרעפן.

אויף די קאָרנערס פלעגן זיך לאַנדסלייט טרעפן בלויז ביז מען האָט געגרינדעט אַן אייגענע „סאָסייטי״ אויפן נאָמען פון דער אייגענער שטאָט אָדער אויפן נאָמען פון אַ צענטראַלן פּונקט פון געגנט, אויב מע איז געקומען פון דערפלעך.

ווען מען האָט שוין געהאַט אַן אייגענעם אַדרעס, אַ „לאָקאַל״ האָט מען דאָס גערופן, האָט מען שוין דעם „קאָרנער״ איבערגעלאָזט אויף הפקר, אַז נייע גרינע לאַנדסלייט זאָלן אים פאַרכאַפּן.

## די גרינדער

יעדער סאָסייטי האָט זיך געהאַט אירע גרינדער. אַן גרינ־דער האָט קיין סאָסייטי ניט געקאָנט ווערן. דאָס זיינען געווען יונגעלייט מיט וויזיע, פאַר אַן אייגענער היים, אַן אייגענע סאָסייטי.

אַזוי גיך ווי איך און נאָך אַ פּאָר חברה האָבן דערפילט אַז מ'איז שוין כמעט זיכער מיט דעם וואָס מ'פלעגט רופן אַ „סטעדי דזשאָב״, האָבן מיר אָנגעהויבן ריידן וועגן גרינדן אַן אייגענע היים, אַן אייגענע סאָסייטי.

אָבער עס טוט זיך ניט אַזוי שנעל ווי עס רעדט זיך. מיר האָבן געהאַט פאַר זיך אַ שווערע פּראָבלעם, וואָס אַנדערע גרינדער פון סאָ־סייטיס האָבן ניט געהאַט. מיר זיינען דאָך געווען לאַנדסלייט ניט פון איין שטאָט, נאָר פון עטלעכע קליינע דערפלעך פון אַרום. איז אַזוי גיך ווי מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם נאָמען פון דער

ס אָ ס יי ט י, האָט יעדער איינער געוואָלט פּאַראייביקן דעם נאָמען פון זיין דאָרף, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן. . .

וואָכן לאַנג האָט מען זיך געאַמפּערט אויפן „קאָרנער" וועגן דעם נאָמען, ביז איין אויפדערנאַכט האָט אַ בחור פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן אַריינגיין אין אַ סאַלון נעמען אַ גלאָז ביר און ביים גלעזל ביר האָבן מיר זיך דערוואַרעמט איינס צום אַנדערן און געוואָרן נאָכגיביקער און אָנגענומען אַן איינהייטלעכן באַשלוס, אַז די סאָסייטי זאָל געגרינדעט ווערן אויפן נאָמען פון גרעסטן דאָרף פון אונדזער געגענט — וו אָ ר אָ ט ש ע נ ק ע ;—

„וואָראָטשענקער אונטערשטיצונגס פאַראיין."

אויפן אָרט איז אויך באַשטימט געוואָרן, טאָמער וועט עמיצן איינ־פאַלן אָפּפרעגן דעם נאָמען, זאָל מען אים ענטפערן:

— אַזוי האָבן די גרינדער באַשטימט.

און די גרינדער האָבן באַשטימט אַ סך זאַכן . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

## די „באַדי"

אַ פּאָר וואָכן צייט האָבן מיר יעדן אויפדערנאַכט געטרונקען ביר און פּלענער געמאַכט פאַר דער „באַדי". „באַדי" האָט מען גערופן די ברידער, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אַ סאָסייטי. אַז קיין „באַדי" וועט אונדז ניט פעלן—אין דעם זיינען מיר געווען זיכער. ס'איז נאָר געווען אַ פראַגע ביי אונדז, וועמען יאָ איינלאַדן צום ערשטן מ י ט י נ ג און וועמען ניט, ווייל מיר האָבן געוואָלט נאָר פיינע מענטשן מיט אַ גוטן כאַראַקטער. זיינען מיר, די גרינדער, געוואָרן די מ ב י נ י ם אויף פיינקייט און כאַראַקטער. . .

מיר האָבן אויך באַשטימט אויף אַ גאַנץ דעמאָקראַטישן אופן, ווער עס זאָל ווערן פּרעזידענט, וויים־פּרעזידענט, סעקרעטאַר און טרעזשורער. מיר האָבן זיך איינגעטיילט מיט אַלע טיטולן, און די „באַדי" האָט אונדז באַדאַרפט עלעקטן און זיין האָבן אונדז טאַקע „עלעקטעט" אויך. מיר האָט מען צוגעטיילט דעם כבוד פון וויים־פּרעזידענט.

אויסער דעם וואָס די „באדי״ האָט צוגעטיילט די גרינדער דעם כבוד צו זיין די ערשטע „אָפיסערס״ פון דער סאָסייטי, האָט זי אויך באַשטימט אויסצושרייבן די נעמען פון די גרינדער מיט גאָלדענע בוכשטאַבן, פאַר אַן אייביקייט.

און מיין באָמען איז אויך פּאַראייביקט צווישן די גרינדער, וואָס מען קאָן דאָס נאָך זען ביז היינט צו טאָג.

— — — — — — — — — — — — — —

## היימישע סוחרים

צו קויפן זיך אַ „סוט״ אין ניו־יאָרק, אויף דער יידישער איסט־סייד, אין יענע יאָרן, האָט איינער געמוזט זיין אַ סוחר — אי דאָס אַ סוחר פון דער אַלטער היים.

דאָס האָב איך אויסגעפונען ווען מיין פעטער שיע איז געגאַנגען מיט מיר צו קויפן דעם ערשטן סוט אין אַמעריקע—אַ זעקס חדשים נאָך מיין אָנקומען...

איך האָב נאָך געהאַט געטראָגן דעם אנצוג וואָס דער טאַטע האָט מיר געקויפט פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע — ער איז נאָך אַלץ געווען גרויס אויף מיר און לעפיש. איך האָב צו שנעל ניט געוואַקסן. האָט מיין פעטער פיניע מיר געגעבן פופצן דאָלער אויף צו קויפן זיך אַן אַמעריקאַנעם אנצוג.

ער אַליין האָט אָבער קיין צייט ניט געהאַט צו גיין מיט מיר. האָט ער מיר געהייסן צוגיין צו מיין פעטער שיען — ער איז דאָך מיין מאַמעס ברודער—און ווי איינער רעדט: ער מעג אויך עפּעס טאָן פאַר מיר.

מיין פעטער שיע האָט אויסגעקוקט שטאַרק צופרידן פון דעם כבוד וואָס מיין פעטער פיניע האָט מיר געהייסן אים צוטיילן, און ווען איך האָב אים געוויזן די מזומנע פופצן דאלער, האָט ער מיר געזאָגט:
—וועסט שוין האָבן אַ גוטן אנצוג און אַ פּאָר שיך אויך. פאַר־

לאָז זיך אויף מיר. דו זאָלסט זיך ניט איילן און זאָלסט ניט ריידן. לאָז דאָס צו מיר.

די אינסטרוקציעס האָט ער מיר געגעבן ווען מיר האָבן שוין שפּאַצירט איבער סטענטאָן סטריט, וואָס איז דאַן געווען די גאַס פון מענערשע קליידער.

ווי נאָר מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים ערשטן שוי־פענצטער אָנצוקוקן די אַנצוגן וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט, האָט געגעבן אַ שפּרונג אַרויס אַ פּיפּיקער חברהמאַן מיט אַ זיסינקן גוט־מאָרגן:

— וואָס דאַרפט איר שטיין אין דרויסן און אַריינקוקן אינעווייניק? קומט אַריין און קוקט בעסער אַרויס.

אַז איך האָב געמאַכט אַ באַוועגונג אויף אַריינצוגיין, האָט מיין פעטער שיע מיך געגעבן אַ צי ביים אַרבל און אַ זאָג געטאָן:

— אייל זיך ניט; ס'איז היינט זונטיק; מיר האָבן גענוג צייט צו קוקן.

— מיר רעכענען אייך גאַרנישט פאַרן קוקן. אָבער קומט אַריין אינעווייניק און מאַכט זיך היימיש. מיר זיינען דאָך היימישע מענטשן.

דערהערנדיק אַזעלכע היימישע ווערטער פון דעם יונגנמאַן איז מיין פעטער שיע נאָכגעביקער געוואָרן און מיר זיינען אַריין אינעווייניק אין קראָם.

אַ מיטליאָריקע יידענע, וואָס איז געזעסן און גענייט, האָט זיך גלייך געגעבן אַ הויב אויף און מיט אַ שמייכלענדיקן גוט־מאָרגן אונדז אויפגענומען און באַלד אַ פרעג געטאָן מיין פעטער שיע:

— דאָס איז אייער יינגל? אַזאַ שיינער יינגל.

— ניין, דאָס איז מיין שוועסטערס אַ יינגל. ער איז געראָטן אין זיין מאַמען — האָט מיין פעטער מיט שטאָלץ איר געענטפערט.

— קוקט זיך אַרום, קוקט זיך אַרום. עס פעלט אונדז חלילה ניט קיין סחורה.

באַלד איז אונטערגעקומען דער באַלעבאָס פון קראָם, איר מאַן, און ער האָט שוין אַ פרעג געטאָן אויף אַ געשעפטמעסיקן אופן:

— וואָס קאָן איך טאָן פאַר אייך? וואָס זוכט איר? וואָס דאַרפט איר?

— מיר דאַרפן גאָט־זיי־דאַנקען גאַרנישט — שלאָגט אים מיין פעטער איבער — מיר גייען חלילה ניט אַרום נאַקעט. נאָר אויב עס

וועט זיך טרעפן עפּעס אַ „סוטל" — האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר — אין גלאַטן געלט, וועלן מיר דאָס אָנקוקן.

— הערסט, מאַקס — האָט די פרוי אַ זאָג געטאָן צו איר מאַן — דער ייד קוקט מיר אויס צו זיין אַ סוחר פון ד'ריים. ער דערמאָנט מיר אין מיין טאַטן.

— איך האָב אַ טאַטן אין יוראָפּ — האָט זי שוין גענומען ריידן צו מיין פעטער שיען — ער איז געווען אַ גרויסער סוחר, פלעגט ער תמיד זאָגן: — האַלץ קויף איך תמיד ווען עס איז הייס אינדרויסן, זומער, ניט ווינטער, ווען עס פרירט.

— און איך פיר זיך ווי מיין שווער זאָל געזונט זיין — האָט שוין דער מאַן אונטערגעכאַפּט — איך קויף סחורה נאָר ווען יענער דאַרף פאַרקויפן. נאָר אַזוי קאָן מען האָבן אַ גוט שטיקל סחורה און מיט דער פּרייז.

— זאָגט מיר ר' ייד, איר זיינט אַ נאַשער?

— איך האָב אַ סוט פאַר אים איז דאָס אַזוינס און אַ אַזעלכעס. אַ גאָלדן שטיקל סחורה. עס איז אַ שטיקל „סוירדזש" וואָס דער קייסער מעג דאָס טראָגן!

אין יענע יאָרן פלעגט מען טראָגן בלויז סוירדזש, אָדער בלוי אָדער גרוי, און והערבד ער האָט געהאַלטן אין ריידן, האָט שוין דאָס רעקל געהאָנגען אויף מיר און ער האָט מיך שוין געשלעפּט צום שפּיגל. די פרוי זיינע האָט גלייך פּאַטאַקעוועט:

— עס איז דאָך אים שוין ניט צו דערקענען. ער שיינט דאָך ווי די זון.

— וואָס ווילט איר פאַר דעם סוטל? — האָט מיין פעטער קאַלט־בלוטיק אַ פרעג געטאָן.

— באַליידיקט ניט, פעטער. עס איז נישט קיין „סוטל", עס איז אַ „סוט". באַטראַכט די סחורה, די אַרבעט, דעם אונטערשלאַק—אַלעס איז גאָלד מיט זילבער — האָט זיך דער ייד גענומען קאָכן. — איר וועט דאָס אין די גרויסע פענצטער—פון „קאַנעל סטריט" איז אָפּגערעדט; אפילו אויף בראָדוויי וועט איר דאָס זען?

— איך וויל אייך נאָך פרעגן איין זאַך — שטייט ער צו — זיינט איר אַ סוחר, וואָס אַז איך וועל אייך געבן די לעצטע פּרייז וועט איר זיין צופרידן, אָדער איר זיינט פון די סוחרים, וואָס האָבן זיך ליב צו דינגען?

— מיסטער, איך בין אַ סוחר פון ד׳ריים — האָט מיין פעטער ברוגזלעך אַ זאָג געטאָן.

— אויב איר רעדט ווי אַ סוחר, וועל איך אייך געבן אַ פּרייז, וואָס וועט זיין יאָ אָדער ניין.

דעם יידנ׳ס שטימע האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעביטן, ווי גלייך ער וואָלט גענומען מאַכן אַ הספר:

— דאָס סוטל, דער סוט וועט אייך קאָסטן דרייסיק דאָלער.

— רעב ייד, איר זיינט משוגע געוואָרן? מיר זיינען חלילה ניט אין קיין מדבר און מיר חלשן ניט פאַר אַ טרונק וואַסער. — שלמה, טו אויס דאָס רעקל און קום! — האָט מיין פעטער מיר באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן און זיך געלאָזט אַרויסגיין.

— גייט, גייט, מע האַלט אייך ניט ביי דער פּאָלע. אָבער וואָס לויפט איר? מע וואַרפט אייך נישט אַרויס פון סטאָר. איר קאָנט מיר זאָגן וואָס איר ווילט באַצאָלן. עס הייסט ניט אַז איך וועל נעמען. אָבער כאַפּט נישט!

דעם „סטאָרקיפּערס" ווערטער האָבן מיין פעטערס צעהיצקייט אַביסל אָפּגעקילט, און ער האָט אים גענומען דערקלערן:

— הערט מיך אויס, מיסטער: איך בין נישט קיין פּראָסטער אַרבעטער. איך בין אַ סוחר פון ד׳ריים און איך פאַרשטיי אַביסל מסחר און איך האָב זיך פיינט צו דינגען. אָבער ווען איינער טוט זיך אַ זאָג אַ פּרייז דריי מאָל אַזויפיל וויפיל עס האָט די ווערט, מוז מען דאָך זיך דינגען... איז וועל איך אייך געבן עלעף דאָלער! אין זיבעצן האָב איך געהאַט אייך צו געבן צען דאָלער, נאָר געזאָגט עלעף איז עלעף, פאַרפאַלן!

— איר מעגט שוין גיין! — האָט דער „סטאָרקיפּער" כמעט מיט אַ געשריי אַ זאָג געטאָן — קויף סחורה! איך לייג אַוועק מיינע כוחות

אײדער איך קריג צו קויפן אַזאַ גאָלדענע סחורה און דאָ קומען מענטשן און מאַכן חוזק פון דיר.

— איר זוכט ניט קײן סחורה, מיסטער — היצט ער זיך װײטער — איר זוכט שמאַטעס. איר װעט קריגן גענוג שמאַטעס, און איר דאַרפט ניט װײט גײן. אָט־אָ — האָט ער אונדז אָנגעװיזן קעגנאיבער דער גאַס — ער האָט די צען־דאָלערדיקע שמאַטעס!

דערהערנדיק אַז די צװײ „סוחרים" האַלטן שױן בײם אָפּברעכן די פאַרהאַנדלונגען, האָט זיך דעם סטאָרקיפּערס פרױ אַרײנגעמישט:

— מאַקס, הער אױף צו זײן אין כּעס. אפשר קאָנען די מענטשן מער ניט „ספּענדן"? זע װאָס דו קאָנסט טאָן.

— װאָס איך קאָן טאָן? װען דער ייִד גיט כאָטש עפּעס פּרנסה! נו, גוט, איך װעל אײך געבן אַ פּ ר ײ ז, אָבער איך װיל ניט הערן מער קײן װאָרט. דאָס איז צ װ אָ נ צ י ק דאָלער! — און בײ די װערטער האָט ער שױן געגעבן אַ כאַפּ דאָס רעקל אױף אױפצוהענגען.

מײן פעטער שיע האָט זיך ניט איבערגעשראָקן פאַרן סטאָרקיפּערס „לעצטן פּרײז" און האָט אױף אַ רואיקן סוחרישן װעג אים געזאָגט:

— איך װאָלט אײך ניט געגעבן קײן צעבראָכענע פּענע מער, נאָר אַזױ װי איר האָט אַ ל ײ ט י ש ע פרױ, װאָס פאַרשטײט אַ געשעפט, װעל איך אײך געבן נאָך אַ טולער!

דערהערנדיק דאָס, האָט דער סטאָרקיפּער זיך גענומען װאָרפן און שרײען. מײן פעטער האָט אים גענומען איבערשרײען און די פרױ האָט בשתיקה גענומען באַרואיקן איר מאַן, און בסוף גענומען אײנרײדן מײן פעטער, ביז ענדלעך האָט איך דערהערט מײן פעטער זאָגן:

— נאָך אײן דאָלער.

— מאַקס, מעסט אָן דעם ייִנגל דאָס ס ו ט ל און זאָל ער עס טראָגן געזונטערהײט. ער איז אַ װאױל ייִנגל, זאָל ער האָבן אַ מציאה.

מעקס האָט גענומען אױספּאָלגן דער פרױס אָרדערס, מיט אַ פאָרװאורף צו איר:

— גאָלדענע געשעפטן מאַכסטו פאַר מיר!

— פון טאָן געשעפטן גײט מען ניט באַנקראָט, פּלעגט מײן טאַטע

תמיד זאָגן — האָט מיין פּעטער גענומען מאַקסן באַרואיקן. און באַלד איז מען איבערגעגאַנגען צו אַ גאַר געמיטלעכן געשפּרעך און מ׳האָט גענומען אויספּרעגן איינער דעם צווייטן פון וועלכן געגנט מע קומט, און אויך צוטיילן אַביסל כבוד איינער דעם צווייטן:

— אַט־די יידן וואָס קומען פון אייער געגנט האָבן אַ גוטן נאָמען.

— די יידן פון אייער געגנט זיינען אַלע סוחרים, גוטע סוחרים.

און עס איז שוין נישטאָ מער קיין סימן פון כעס, רוגזה און אויפרעגונג.

און ווען די פרוי גיט מיר אויסגאַבע צוויי דאָלער פון מיינע דריי פינפערלעך וואָס איך האָב איר דערלאַנגט, פאַנגט מען מיר אָן ווינטשע־ווען, אַז איך זאָל דעם אנצוג טראָגן געזונטערהייט, און אַז מיין פּעטער זאָל דערלעבן צו קויפן חתונה קליידער פאַר זיינע אייגענע קינדער, און מען געזעגנט זיך גלייך ווי מען וואָלט געווען אַן אייגענע משפּחה.

— — — — — — — — — — — — — —

## צוויי געשעהענישן

דער „וואָראַטשענקער אונטערשטיצונגס פאַראיין״ האָט זיך גע־קליבן מאַכן אַ „דאַבל״ אינסטאַליישאַן, צו אינסטאַלירן אַלע ב ר י ד ע ר וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער „סאָסייטי״ פונם טאָג אָן, וואָס מיר האָבן זי געגרינדעט, און אויך האָבן די ב ר י ד ע ר באַדאַרפט דורכפירן אַן „אינסטאַליישאַן״ פאַר די ביי־דערוויילטע „אָפיסערס״. אַן אינסטאַליישאַן איז אין יענע יאָרן געווען אַ גרויס געשעהעניש אינם לעבן פון אַ „סאָסייעטי״.

אַ צווייטע געשעהעניש: — מיין פּעטער פּיניע, דער עלטסטער פון מיינע דריי פּעטערס, מיין טאַטנס ברידער, האָט אין יענער צייט באַשטימט חתונה צו האָבן; זיך אויפצוהערן וואַלגערן אַלס „באָרדער״ און ווערן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. . .

ווען איך האָב דערקלערט מיין באַלעבאָס, פלאַקסמאַן, וועגן די צוויי גרויסע געשעהענישן, האָט ער מיר אַרויסגעגעבן עטלעכע דאָלער פון די געלט וואָס ער פלעגט מיר פאַרהאַלטן, אַז איך זאָל אים חלילה

ניט איבערלאָזן אינמיטן סעזאָן, און איך בין אַרויס אויף סטענטאָן סט. זוכן אַן אנצוג.

דאָס מאָל האָב איך שוין אַליין געמוזט ווערן דער ס ו ח ר, ווייל מיין פעטער ש י ע איז שוין געווען אַוועקגעפאָרן צוריק אין יוראָפּ און מיין פעטער פיניע איז גלאַט געווען אַ פאַרנומענער מענטש, איבערהויפט פאַר זיין חתונה.

האָב איך מיר פּאַוואָליע געשפּאַצירט אויף סטענטאָן סטריט און געוואָרפן גנבישע בליקן אין די שויפענצטער און זיך געהיטן אַז אַ „פּול־אין" זאָל מיך ניט אַריינשלעפּן. דאַן איז נאָך ניט געווען קיין ראַדיאָ אָדער טעלעוויזשאַן, וועלכע שלעפּן דעם קונה מיט שיינע רייד, נאָר דער „פּול־אין" וואָס פלעגט שטיין ביי דער טיר פון יעדער סטאָר, פלעגט דעם „פּראָספּעקטיוון קאָסטימער" אָנגעמען ביי דער האַנט און אים אַריינשלעפּן. האָב איך זיך אָפּגעשטעלט קוקן בלויז ביי די פענצטער, וואו דער „פּול־אין" האָט פאַר אַ מינוט פון דער טיר ניט געסטייעט, ווען ער פלעגט עמיצן אַריינשלעפּן.

קיין „פּול־אין" האָט מיך טאַקע ניט אַריינגעשלעפּט, די פיס מיינע אָבער, האָבן ווי פון זיך אַליין אַריינגעשפּאַנט אין געשעפט, וואו מיין פעטער שיע האָט מיר געקויפט דאָס „סוטל", פאַר וועלכן מע האָט זיך געהייסן געבן דרייסיק און געקויפט פאַר דרייצן דאָלער. און עס האָט מיר נאָכדעם ניט באַנג געטאָן.

ווען דעם סטאָרקיפּערס פרוי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן פון דער אַרבעט און מיך דערזען, האָט זי געגעבן מיט אַזאַ מין פרייד אַ געשריי:

מאַקס, זע נאָר ווען עס איז דאָ! ווי גלייך איך וואָלט געוועזן אירס אַ מוזינקל אָדער אַן אייניקל. זי האָט זיך גלייך אויפגעהויבן פון דער אַרבעט און דאָס ערשטע האָט זי מיך געפרעגט:

— וואו איז דיין פעטער? אַזאַ וואוילער ייד דיין פעטער, אַ ייד אַ סוחר.

— מיין פעטער איז שוין לאַנג אַוועקגעפאָרן קיין יוראָפּ, אָבער מיין מאַמע שרייבט מיר, אַז ער האָט שוין געפּטרט די פאַר טולער

וואָס ער האָט געבראַכט פון אַמעריקע און קלייבט זיך שוין קומען צוריק.

— אַמעריקאַנער געלט איז נישט מזלדיק אין יוראָפּ.

— מאַקס, וואָס שטייסטו? זעסט דאָך אַז דאָס יינגל באַדאַרף האָבן אַ נייעם סוט.

מעקס איז גלייך געוואָרן „ביזי", אַראָפּגענומען פון אַ הייגער אַ גרויען „סוירדזש" און מיר געזאָגט: — גרוי שמוצט זיך ניט אַזוי שטאַרק ווי בלוי.

— איך בין אַ פּאָר־אָפּערייטאָר, איז טשעפּען זיך די האָר דערצו.

— אַ פּאָר אָפּערייטאָר? אַ גוטע טרייד. זאָל דיר זיין מיט מזל— האָט מיר די פרוי גלייך צוגעווינטשעוועט.

און ביז איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן מעסטן דעם סוט האָט שוין די פרוי געוואוסט, אַז מיין פעטער פיניע גייט חתונה האָבן; אַז איך בין דער וויס־פּרעזידענט און דער גרינדער פון מיין „סאָסייטי" און אַז אין גיכן וועט זיין די אינסטאַליישאַן, און צו אַלעס וואָס זי איז פון מיר געוואָר געוואָרן האָט זי געהאַט אַנאַנדער ברכה פאַר מיר.

ווען מעקס איז פאַרטיק געוואָרן מיטן מ ע ס ט ן, האָב איך אַרויסגענומען ד ר י י פינפערלעך און זיך געהייסן געבן צוויי דאָלער „טשענדזש".

— אָ, נאָ! — האָט מעקס אַ זאָג געטאָן — דער סוט קאָסט צוואַנציק דאָלער.

— מאַקס, זעסט דאָך אַז מע ט ר י ט אַ קאָסטימער גוט, קומט ער נאָכאַמאָל — האָט די פרוי גענומען מוסרן מעקסן, און מיר האָט זי געזאָגט:

— דער ס ו ט קאָסט יעדן איינעם צוואַנציק דאָלער, נאָר אַזוי ווי דו ביזט אַ וואויל יינגל און ביזט געקומען צוריק, קאָנען מיר דיר פון די פופצן דאָלער קיין טשענדזש ניט געבן. טראָג אים געזונטערהייט און זאָלסט קומען זיך קויפן חתונה־קליידער.

ווען איך בין שוין געשטאַנען ביי דער טיר, האָט זי מיר נאָכגעשריגן:

— פאַרגעס ניט, אַז דיין פעטער וועט קומען צוריק, ברענג אים אַריין.

## עס ווערט אינטערעסאַנט

פון טאָג צו טאָג איז דאָס לעבן אין אַמעריקע אינטערעסאַנטער געוואָרן פאַר מיר. איך האָב נאָך ניט פאַרדינט צופיל, כאָטש איך בין שוין געווען דאָס שנעלסטע פ ע ר ד ל אין שאָפּ. דער „באָס" אָבער האָט געטענהט:

— ביזט נאָך צו יונג, אַז איך זאָל דיר געבן אַזוי פיל געלט וויפיל איך גיב די עלטערע אָפּערייטאָרס; האָסט נאָך גענוג צייט צו ווערן רייך אין אַמעריקע!

דאָך האָב איך שוין פאַרדינט גענוג, אַז איך זאָל זיך קאָנען פאַרגינען אַ גוטן מאָלצייט און ניט דאַרפן מער אויסנאַרן מיט חניפה אַן איבעריקע פּאָרציע פּ י ר אָ ג ן, אָדער איינשלינגען אַ סטייקל, אונטער די אויגן פון איירישן ווייטער, און ער זאָל ניט וויסן וועןער באַדאַרף אויסמאַכן דעם טשעק צו באַצאָלן.

## ט ע אַ ט ע ר

יידיש טעאַטער האָט אין יענע יאָרן פאַרנומען גאָר אַ געהויבענעם אָרט אינם לעבן פון די ג ר י נ ע.

טעאַטערס יידישע זיינען דאַן געווען אין ניו־יאָרק גאָר אַ סך. אויסער די ד ר י י טעאַטערס, וואו די גרויסע ס ט אַ ר ס: אַדלער, קעסלער און טאָמאַשעפּסקי האָבן געשפּילט, זיינען געווען נאָך קלענערע טעאַטערס אין פאַרשידענע געגנטן פון גרויס־ניו־יאָרק דערצו אַ סך וואָדעוויל הייזער.

מאָנטיק אינדערפרי, ווען די אַרבעטער פלעגן זיך טרעפן, איז די ערשטע פראַגע וואָס איינער דעם אַנדערן האָט געשטעלט איז געווען: „האָסט שוין געזען?"

דאָס האָט געמיינט די נייע פּיעסע, וואָס דער און דער ס ט אַ ר האָט געשטעלט אויף שבת און זונטיק. אַז אַלע האָבן געוואוסט אַז אַ נייע פּיעסע איז געשטעלט געוואָרן, וועגן דעם איז גאָר קיין פראַגע ניט געווען, ווייל „פּאָסטערס" זיינען געהאָנגען וואו דו ביזט געגאַנגען און

וואו דו ביזט געשטאַנען, און „סטאַרס" האָבן געשיינט מיט זייערע גרויסע בילדער און גערופן: — קומט, יידעלעך, קומט!

און יידעלעך זיינען געגאַנגען אין טעאַטער אַריין און איך מיט זיי.

אַממערסטן האָבן ביי מיר אויסגענומען די פּיעסן, וועלכע האָבן דערמאָנט אין די חדר־יאָרן, ווי: „עקדת יצחק", „יוסף מיט זיינע ברי־דער", „בר־כוכבא" און אַנדערע. . .

## דער „פייפער"

דער „פייפער" האָט אויך פון מיין קעשענע גענומען אַרויסשטעקן, — פון אָנפאַנג, צוליב דעקאָראַציע—פונקט ווי ביי אַ סך אַרבעטער, וועלכע האָבן ביז זייער קומען קיין אַמעריקע קיינמאָל קיין צייטונג ניט אָנגעקוקט. ביסלעכווייז אָבער, האָב איך זיך גענומען צוגעוואוינען די צייטונג צו לייענען—ניט נאָר זי קויפן און טראָגן אין קעשענע. . .

דעם אויבן־אָן אויף די שפּאַלטן פון די צייטונגען האָט פאַרנומען דער „קלאַסן־קאַמף", וועלכער האָט געפלאַקערט דאָן אויף דער יידישער גאַס. אויך איך בין ביסלעכווייז געוואָרן „קלאַסן־באַוואוסטזיניק", ווי מען פלעגט דאָס רופן, און פלעג גאָר אָפט העלפן אָנפילן די „האָלס" וואו די „מיטינגען" און „מאַס־מיטינגען" פלעגן גערופן ווערן.

די יוניאָנס: קלאָוקמייקערס, ווייסטמייקערס, פּאַריערס, זיינען דאָן געשטאַנען אין אַ שווערן קאַמף צו קריגן אַנערקענונג און אַביסל בעסערע באַדינגונגען אין די „סוועט־שעפּער." קיין אַנדערע שעפּער דאַכט מיר זיינען יענע יאָרן אין דער נאָדל אינדוסטריע ניט געווען.

## עס ברענט!

איך האָב נאָך קיין שרפה אין אַמעריקע ניט געזען. איז איינמאָל אַ שבת נאָך מיטאָג, זיצנדיק ביי דער אַרבעט, האָב איך באַ־מערקט דורכן פענצטער, אַז עס זעצט אַ שוואַרצער רויך פון אַ הויכן בילדינג, אַ דריי־פיר בלאָק פון אונדזער שאָפּ, און נאָך איידער איך

האָב אַ געשריי געטאָן: „קינדער, אַ שרפה!" האָבן זיך שוין גענומען רייסן רויטע פלאַמען צום הימל און אַלע האָבן גענומען באַלאַגערן די פענצטער.

איך האָב באַמערקט: — זעט נאָר, מע שפּרינגט פונם „רוף"!

— סעמקע, סע חלומט זיך דיר!

ס'איז אָבער ניט געווען קיין חלום, ווייל באַלד האָבן דאָס אַנדערע אַרבעטער אויך באַמערקט. ס'איז געוואָרן אַ טומל אין שאַפּ און מיר, די ייִנגערע אַרבעטער, האָבן גענומען אַראָפּוואַרפן פון זיך די פאַרטוכער און זיך געלאָזט לויפן.

— וואָס לויפט איר וואָס — האָבן די עלטערע אַרבעטער און דער „באָס" גענומען שרייען — עס פעלן ניט קיין פייערלעשער אין ניו־יאָרק!

מיר אָבער האָבן געזאָגט: — מיר וועלן אָפּאַרבעטן די פּאָר שטונדן מאָנטיק — און מיר זיינען אַרויס פון שאַפּ.

מיר זיינען ניט געגאַנגען נאָר געלאָפן און ווען מיר זיינען צוגע־לאָפן צום בלאָק וואו די פלאַמען האָבן נאָך געפלאַקערט דורך די פענצ־טער, איז מען שוין געשטאַנען אין וואַסער אפשר אַ פוס די טיף. די פייערלעשער האָבן געאַרבעט אומדערמידלעך, אָבער מיט ווייניק דער־פאָלג, אָפּצושטעלן די צעיושעטע פלאַמען.

ווען איך האָב זיך דורכגעשלאָגן צווישן עולם, זיינען שוין אויף די „סיידוואָקס" געלעגן אַ זיבן־אַכט איבערגעדעקטע מתים. פייער־לעשער האָבן זיך געפּרוּווט אַראָפּנעמען צוויי קערפּערס, וועלכע האָבן ביים שפּרינגען פון ניינטן אָדער צענטן גאָרן, אום זיך צו ראַטעווען פון די פלאַמען, פאַרטשעפּעט אין די דרויסנדיקע „סיינס" און אויף זיי געבליבן הענגען.

צו שוידערלעך איז דאָס בילד געווען צו קאָנען בלייבן שטיין צו לאַנג און צו זען ווי פון מינוט צו מינוט האָבן די פייערלעשער געטראָגן און אַרונטערגעטראָגן די האַלב אָפּגעשרפהטע דערשטיקטע קערפּערס. האָב איך, פּונקט ווי יעדערער, זיך צעוויינט און זיך אַרויסגעדרייט פון עולם, און מיט אַ שטאַרק פאַרבענקט געמיט — פאַרבענקט צו טאַטע־מאַמע קיין טויטעריס, האָב איך איבערגעלאָזט דאָס שוידער־

בילד, נאָך ניט אַ פּאַרענדיקטס, אַן אויסגעלאַשנס . . . און איך בין אַוועק אויסוויינען מיין בענקשאַפט אויף מיין געלעגער.

דאָס שוידער־בילד איז פּאַרבליבן אין דער געשיכטע פון דער „נידל־טרייד" אונטערן נאָמען: דאָס טרייענגל פייער.

די „סוועט־שאָפּ" פלאַמען האָבן פאַרצערט אַרום הונדערט און פופציק ווייסט־מאַכער אַרבעטער, אַממערסטנס יונגע מיידלעך, נאָך אונטער צוואַנציק יאָר אַלט . . .

איך בין אויך מיטגעגאַנגען מיט די „איסט־סייד" מאַסן זונטיק צום שטאַטישן מאָרג. די אויפגעריסענע צוויי אויגן פון אַ יונג מיידל, אין וועלכער עס האָט זיך געקאָנט זען אירע ווייטאָגן און שרעק וואָס זי איז דורכגעגאַנגען, פאַרפאָלגן מיך מיין גאַנצן לעבן.

איך בין מיטגעגאַנגען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ צו דער מאַסן־לוויה. מאַרשירט האָב איך דעם ערשטן מאַי 1911, מיט יידן מיט בערד, פרויען מיט שייטלען, און אַלגעמיינע מאַסן. עס איז ניט געווען קיין ערשטע מאַי פייערונג, נאָר אַ טרויער־מאַרש נאָך די אומשולדיקע יונגע סוועט־שאָפּ קרבנות פון טרייענגל־פייער."..

— — — — — — — — — — — — — —

## דער ערשטער מאַי

עס איז שווער צו פאַרגעסן אַ ערשטע מאַי פייערונג פון יענע יאָרן אויף דער איסט־סייד, פאַר איינעם וואָס האָט דאָרט געוואוינט און פאַר אַ שטיק צייט געדענקט, אַז דאָס איז גאַנץ אַמעריקע.

ווען איך האָב אָנגעהויבן ווערן אַביסל „קלאַסן־באַוואוסטזיניק", וואָס צו דעם האָט מיין פעטער מאַטיע אַ סך צוגעהאָלפן, איז שוין די צען־שטאָקיקע געביידע פון „פאָרווערטס" געווען אַווירקלעכקייט.

ביי אַ סך מענטשן איז די געביידע געווען דאָס, וואָס ביי פרומע יידן וואָלט געווען דער בית המקדש, ווען ער ווערט אָפּגעבויט...

און ניט נאָר איז דער „בילדינג" געווען פאַררעכנט ביי די מענטשן אַלס היילי קטום, נאָר אויך אַלס אייגנטום! גאָר פיל

רויטע ציגל פֿאַר זייער בלוטיק געלט זיינען אין דער געביידע געלעגן.
אייב קאַהן, דער רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָרווערטס", איז ביי זיי געווען דער אמתער כ ה ן ג ד ו ל . . .
און ווען איך בין צום ערשטן מאָל אויף אַן ערשטער מאַי פֿייערונג צוגעקומען צו דער „פֿאָרווערטס" געביידע, וואו עס איז שוין געווען פֿאַרזאַמלט אַ פּיל־קעפּיקער עולם, און אייב קאַהן האָט גערעדט — גערעדט האָט ער וועגן די ק ר ב נ ו ת וואָס דער אַרבעטער קלאַס באַדאַרף ברענגען... בין איך אויך פֿאַרכאַפּט געוואָרן מיט אַ געפֿיל, ווי איך וואָלט פֿאַר אַ גרויס הייליקטום געשטאַנען.
און ווען עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער „מאַרטש" און יוסף באַראָנ־דעס האָט אויף אַ ווייס פֿערד געריטן פֿאָראויס, און נאָך אים אַנדערע יוניאָן־פֿירער אויף פֿערד, האָט דאָס געמאַכט דעם איינדרוק, ווי משיח ציט פֿאָראויס און דאָס פ אָ ל ק פֿאָלגט אים נאָך גלייך אין גן־עדן פֿון פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט ..

## ס אָ צ י אַ ל י ז ם

אַלע האָבן גערעדט פֿון פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט, — סאָציאַליזם איז דאַן געווען שטאַרק פּאָפּולער — זיינען אַלע געווען סאָציאַליסטן!
גאָר אַ סך באַלעבאַטים, איבערהויפּט די וועלכע זיינען געקומען פֿון רוסלאַנד, האָבן פֿאַראַדירט אַלס געוועזענע רעוואָלוציאָנערן — — סאָציאַליסטן און מיין באַלעבאָס, פ ר יי נ ד', איז געווען איינער פֿון זיי...
זייערע סאָציאַליסטישע רייד אָבער, האָבן ניט געשטימט מיט זייערע טהאַטן, האָט דאָס אַרויסגערופֿן ביי מיר אויפֿרעגנדיקע אַפּיקור־סישע געדאַנקען . . . ווייל די אַלע שיינע רייד האָבן די לאַגע אין שאַפּ גאָר ניט געביטן.
יעדע פֿאָר וואָכן איז אַרויפֿגעקומען אַ נייער גרינער, און גדליה דער נאָגלער איז זיך אָנגעגאַנגען מיט זיינע שפּיצלעך און די אַנדערע

אַרבעטער, מיט זייערע — דעם גרינעם צו דערגיין די יאָרן...

און אַז איך האָב גדליהן אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער האַנדלט ניט סאָציאַליסטיש — און גדליה האָט שוין דאַן געטראָגן אַ „רויט" קאַרטל אין קעשענע, פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — האָט ער זיך צעכאַכאָטשעט און אַ געשריי געטאָן: „גאַליציאַנער יאָלד!"

כאָטש גדליה האָט געוואוסט אַז איך בין אַ ב ו ק אָ ו י נ ע ר, אָבער אַזוי גיך ווי איך האָב אָנגעהויבן ריידן מיט אים וועגן סאָציאַליזם, בין איך ביי אים געוואָרן אַ ג אַ ל י צ י אַ נ ע ר...

דער באַלעבאָס פלעגט אויך געבן אַ „טשענס" גרינע מיידלעך אַרויפצוקומען זיך לערנען „פינישינג". צו די גרינע האָט גדליה זיינע שפּיצלעך ניט געקאָנט טאָן, ווייל מיט נאָסע שטיקלעך וואָטע קאָן מען דאָך פאַרפלעקן אַ „ליינינג". דערפאַר אָבער פלעגן די ראָמאַנ־טישע קאָטערס און אָפּערייטאָרס ליב האָבן צו וואַרעמען זייערע קאַלטע הענט אין אַ פינישערינס בוזים, איבערהויפּט אין יענטעלעס בוזעם — אַ פול־ברוסטיקע מיידל פון אַ יאָר זעכצן־זיבעצן, מיט אַ פרישן דאָרפישן אויסזען. מעגלעך אַז יענטעלע האָט אויך הנאה געהאַט פון דעם שפּיל. מיר אָבער האָט דאָס אויסגעקוקט ניט איבעריק אָנשטענדיק . . .

און אויף מיין פראַגע: — איז דאָס סאָציאַליסטיש? — האָב איך געקראָגן אַן ענטפער:

— אַוודאי איז דאָס סאָציאַליסטיש! נאָכן סאָציאַליסטישן „שולחן־ערוך" באַלאַנגט אַלעס צום אַרבעטער קלאַס, אַפילו יענטעלעס בוזעם...

דער באָס, פריינד, האָט נאָך אַלץ אָנגעפירט זיינע „קינדער, בייט" ר י י ס ע ס, און די נאָדלען האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטן אין דער לינקער זייט אין וועסטל־קעשענע, נאָענט צום האַרצן. און כאָטש איך האָב שוין געהאַט געאַרבעט פאַר אים באַלד צוויי יאָר, האָט ער מיר נאָך אַלץ ניט געטרויט מער ווי צוויי נאָדלען מיט איינמאָל.

— — — — — — — — — — — — — —

# אויס דזשאָב

עס איז געווען אַ פּאָר טעג בעפאָר קריסמעס — אין יענע יאָרן פלעגט מען אַרבעטן אין דער „פּאָר־טרייד" ביז קריסמעס. קיין סך אַרבעט איז שוין טאַקע ניט געווען, אָבער שבת נאָך דער אַרבעט האָט מען אונדז גאָרניט געזאָגט, זיינען מיר אַלע פּ ו פּ צ ן אָפּערייטאָרס אַרויפגעקומען מאָנטיק אינדערפרי, ווי געוויינטלעך.

ווען מיר זיינען שוין אַלע געווען אין שאָפּ און זיך גענומען גרייטן אויף אָוועקצוזעצן זיך צו די מאַשינען, איז צוגעקומען מיסטער פריינד און גענומען טייטלען מיטן פינגער:

— דו גיי אַהיים, און דו בלייב! דו זעץ זיך צו דער אַרבעט, און דו גיי אַהיים.

איך בין געווען איינער פון די ד ר י י אָפּערייטאָרס ווען ער האָט געהייסן זיך אָוועקזעצן צו דער אַרבעט.

זיין האַנדלונג האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. האָב איך אים אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, מיסטער פריינד, איר האַנדלט נישט לייטיש. מיר גיבן אייך אַ דאָלער סעקיוריטי, אַז מיר וועלן אייך נישט איבער־לאָזן אינמיטן דערינען; עס איז בלויז צוויי טעג צו „קריסמעס" איז ניט שיין פון אייך זיי אַהיים צו שיקן. לאָמיר אַלע אַרבעטן אַ שעה אָדער צוויי אויסצוטענדיקן דאָס ביסל אַרבעט און דאַן וועלן מיר אַלע אַהיים גיין.

— זיי נישט קיין שייגעץ! דערוויל בין איך באָס! — האָט זיך מר. פריינד צע'כעס'ט.

מיר האָט קיינמאָל ניט גענומען לאַנג צו ווערן אין כעס, און איך האָב אים גלייך אָפּגעענטפערט אין זעלבן טאָן און אפשר נאָך מיט אַ טאָן העכער:

— אויב איך בין אַ שייגעץ, וואָס־זשע זיינט איר? — און איר רופט זיך נאָך ס אָ צ י אַ ל י ס ט און געוועזענער ר ע וו אָ־ל ו צ י אָ נ ע ר פון רוסלאַנד. מיסטער פריינד, איר הינקט אונטער! און פאַר אַ הינקענדיקן „סאָציאַליסט" וויל איך ניט אַרבעטן!...

איך האָב אָנגעטאָן דעם מאַנטל און בין אַרונטער מיט די אָפּעריי־טאָרס, וועלכע דער באָס האָט אַהיים געשיקט.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם וואָס איך האָב זיך צוקריגט מיט מיין באָס, מר. פריינד, בין איך אַרויף אין אָפּיס אָפּצונעמען מיין לעצטע „פּיידע", האָט מיך פלאַקסמאַן אַ פרעג געטאָן:

— ווי האָט דאָס אַזאַ קליינער שנעק אַזאַ גרויס מויל?! ער האָט ווייזט אויס געדענקט, אַז איך האָב חרטה אויף דעם, וואָס איך האָב געזאָגט פריינדען און וועל זיך אָנהויבן פאַרענטפערן און זיך גיין אַנט־שולדיקן פאַר זיין שותף, ווייל פלאַקסמאַן האָט שטאַרק געהאַלטן פון מיר. איך אָבער, האָב זיך געהאַלטן ביי מיינעם, אַז ער האָט ניט גע־האַנדעלט לייטיש . . .

## מיין פעטער הערש מענדל

הערש מענדל איז מיינער אַ צוגעקומענער פעטער, מיין טאַטנס שוועסטערס מאַן, אויך אַ פּאַריער.

די מומע מיינע מיט די קינדער זיינען נאָך דאַן געווען אין „יוראָפּ", ווי מען פלעגט זאָגן. ער איז אַ נידעריק־געוויקסיקער, מע קאָן זאָגן, אַ קליין יידעלע. דערפאַר אָבער איז ער געווען אַ גרויסער בעל־חלומות.

אים האָט זיך שטענדיק געחלומט, אַז ער קאָן מאַכן וואַקסן האָר אויף אָפּגעריבענע פעלן. איז ווי ערגעץ אַן אָפּגעריבענע ציג, אַ מאָגערער הונט, אָדער אַ פליכעוואַטע האָזעלע, האָבן ביי אים אַ היים געפונען, און ער פלעגט זיך צאַצקען מיט זיי, זיי גלעטן און גאָר אָנ־קוועלן פון די אַנטיקן.

און אַז עמיצער פלעגט אים זאָגן: — הערש מענדל: די פעלן האָבן דאָך ניט קיין האָר! האָט ער זיי קאָלטבלוטיק געענטפערט: — און אַז מענטשן זיינען פליכעוואַטע, וואַרפט מען זיי אַרויס? יעדער קריגט זיך זיין זיווג . . . איך וועל זיי „איינמעטשן", „אויסדעמעדזשן", און נאָכן נאַגלען, „אויסביגלען", וועט דאָס זיין שיין!

הערש מענדל האָט אויך ניט געגלויבט אין קיין „סטיילס".

— וואָס הייסט „סטיילס"? — פלעגט ער זאָגן — הייסט איז דאָס אין סטייל, מאָדגן אויס סטייל און איבעראַיאָר ווידער אין „סטייל". אַ קאָוט באַדאַרף האָבן אַ באַדי, אַרבל און אַ קאָלנער; אַמאָל „קאָפּס" אויך, אַז ס'איז דאָ געגוג סחורה, און דאַטסאָל . . . קיין סחורה וואַרפט מען ניט אַרויס.

און הערש מענדל האָט אין זיין לעבן קיינמאָל קיין זאַך ניט אַרויס־געוואָרפן, אויב עס האָט נאָר געהאַט אויף זיך אַ סימן פון האָר.

און ניט נאָר דאָס וואָס מ'רופט „פּאָר" האָט ער קיין פּיצעלע קיינ־מאָל ניט אַרויסגעוואָרפן, נאָר אפילו קנעפּלעך וואָס זיינען בלויז געלעגן לעבן פּוטערוואַרג וואַרפט ער אויך ניט אַרויס. און נאָך היינט קאָן מען געפינען ביי אים קנעפּ און קנעפּלעך פון מאַרטאַ וואַשינגטאָנס צייטן...

— — — — — — — — — — — — — —

## איך ווער אַ „מאַנופעקטשורער"

ווען איך האָב אָפּגענומען די לעצטע וואָך „פּיידע" און מיין „סע־קיוריטי" וואָס דער באָס פלעגט פאַרהאַלטן יעדע וואָך, — דורכן יאָר האָב איך שוין געהאַט אַרויסגעצויגן אַ טייל פון די פאַרהאַלטענע דאָ־לערס, — איז מיין פאַרמעג באַשטאַנען פון גאַנצע פינף־און־דרייסיק דאָלער מיט סענטן.

די ערשטע פּאָר וואָכן האָב איך זיך געלאָזט וואוילגיין. איך האָב געגעסן און געטרונקען און הנאה געהאַט פון זיך, וואָס איך האָב געהאַט דעם מוט אָנצוזידלען אַ באָס, אַ סאָציאַליסט".

נאָך די פּאָר וואָכן אָבער, האָב איך גענומען ציילן מיין פאַרמעגן יעדן טאָג און געזען אַז עס ווערט וויניקער, האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט שפּאַצירן איבער די פּאָר גאַסן וואו די „פּאָר מאַנופעקטשורערס" זיינען געווען צווישן די אַכטע און צוועלפטע גאַסן, מיט דער האָפענונג אַז אפשר וועט זיך עפּעס מאַכן. כאָטש איך יענע יאָרן איז געווען אָנגע־נומען, אַז ווער עס פאַרלירט אַ דזשאָב אַרום קריסמעס צייט, קאָן קיין דזשאָב ניט געפינען ביז ענדע יוני אָדער יולי...

נאָך די טאָג־טעגלעכע שפּאַצירן מיינע, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך — צו מיין פּעטער פּיניע האָב איך ניט געוואָלט אַרויפגיין, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט מיר דערלאַנגען וואָס מיר קומט פאַר אויפגעבן אַ גוטן דזשאָב — האָב איך אָנגעהויבן אַרויפגיין צו מיין פּעטער הערש מענדל. ער האָט געהאַט אַ קליין „שאַפּקעלע" אויף דער דריטער גאַס.

די ערשטע פּאָר טעג האָט ער מיך געטרייסט: — דאַרפסט זיך ניט זאָרגן; דיין ווייב און קינדער וועלן ניט שטאַרבן פון הונגער... מיט דער צייט אָבער, האָט ער אויסגעחלומט אַ שיינעם חלום פאַר מיר:

— ווייסטו וואָס, שלמה, וואָרום זאָלסטו ניט ווערן אַ מאַנופעקטשורער פון „סליווס"? קיינן סך געלט באַדאַרף מען דערצו ניט האָבן. זע איך ניט איין וואָרום דו זאָלסט ניט קאָנען מאַכן קיין לעבן... אָט שטייט אַ ייד — האָט ער מיר אָנגעוויזן אין צווייטן עק פון בילדינג, — ער האָט אַ ווייב מיט זעקס קינדער און מאַכט פאַר זיי אַ לעבן. ער אַרבעט בלויז „פּיסעס"... און דו איינער אַליין ? ! . . .

קיין שענערן חלום האָב איך אַליין פאַר זיך ניט געקאָנט אויסחלומען, און פון מיינע אַכצן דאָלער, וואָס מיר איז נאָך געבליבן אין קעשענע, האָב איך גלייך באַצאָלט דריי דאָלער „רענט", פאַר אַ „רומקע" טאַקע לעבן דעם יידן, וועלכער האָט פון „פּיסעס" געמאַכט גענוג צו האָדעווען אַכט מיילער. . .

הערש מענדל האָט פאַרשלאָסן זיין „פעקטאָרי" און איז אַוועק מיט מיר רענטן אַ „פּוט־פּאָוער" מאַשין, מיט אַ באַדינג, אַז נאָך דרייסיק טעג זאָל איך קאָנען דערצאָלן דאָס איבעריקע, אַז די מאַשין זאָל ווערן מיין אייגענע. ער האָט מיר געהאָלפן קריגן אַ פּאָר ברעטלעך צום נאַגלען, און איז אויך אַוועק מיט מיר אויף בליקער סטריט, וואו עס איז געווען דער מאַרק פון די „פּיס־דילערס". און אין אַ קורצע פּאָר טעג איז די פאַבריק מיינע געווען פאַרטיק מיט אַ „סטאַק" סחורה פון פופציק פונט „פּאָני־פּיסעס."

— — — — — — — — — — — — — —

## „קאָמפּעטישאַן"

ווען דער ייד, וואָס האָט געהאַדעוועט אַ ווייב מיט זעקס קינדער פון „פאָר־פּיסעס" איז אַריינגעקומען צו באַקאַנען זיך מיט מיר, דעם נייעם „מאַנופעקטשורער", האָט ער דאָס ערשטע, ווי דער שטייגער איז פון פאָריער, אַ טאַפּ געטאָן מיין סחורה, האָט ער מיר געזאָגט:

— די גנבים פון בליקער סטריט האָבן דיך אָפּגענאַרט, יינגעלע.

— וואָס מיינט איר? ס'איז דאָך פרישע סחורה...

— ס'איז נאַסע סחורה. די גנבים פון בליקער סטריט גיסן וואַסער אויף דער סחורה און ווען זיי פאַרקויפן דיר פופציק פונט „פּיסעס", קריגסטו פערציק פונט סחורה און צען פונט וואַסער... מיר קאָנען זיי אַזאַ סחורה ניט פאַרקויפן.

ווען איך האָב דאָס דערציילט מיין פעטער הערש מענדל, האָט ער מיר געזאָגט:

— הער זיך ניט צו צו אים וואָס ער רעדט. ער וויל ניט קיין „קאָמפּעטישאַן", מאַכט ער דיר שווער דאָס האַרץ.

הערנדיק אַזאַ לאָגישן אַרגומענט פון הערש מענדלען, האָב איך זיך גענומען היטן פאַר דעם יידן. פּשוט, איך האָב געהאַלטן די טיר צוגע־שלאָסן, אַז ער זאָל ניט קאָנען אַריינקומען.

ערשט ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן נייען און נאָגלען און שוין געהאַט פאַרטיקע אַ ר ב ל, האָב איך אַריינגערופן דעם יידן, כדי צו ווייזן אים וואָס אַ „יינגעלע" קאָן...

ווען דער ייד האָט דערזען מיין מלאכה, האָט ער זיך אַזש געגעבן אַ פאַרקרום: — וואָס האָסטו געטאָן? באַגראָבן אַזוי פיל סחורה! פאַרוואָס האָסטו מיך ניט געפרעגט? מע דאַרף דאָך „מעטשן" יעדן קאָליר באַזונדער, און דו האָסט אויסגעמישט די ווייסע, די שוואַרצע, די געלע, די ברוינע — אַלעס צוזאַמען... וועסט האָבן אַ שווערן דזשאָב דאָס צו פאַרקויפן. הלוואי זאָל דיר גאָט צושיקן... און ער איז אַרויסגעגאַנגען.

דער ייד האָט ניט פאַרענדיקט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, ווייל

ער האָט מיר ניט געוואָלט ווי טאָן. איך האָב שוין אָבער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געמיינט, אַז גאָט דאַרף מיר צושיקן אַ משוגענעם קונה אויף דער סחורה . . .

הערש מענדל האָט אויסגעהערט די מעשה פון מיר, אָבער ער האָט געזאָגט:

— אויף דער מבינות פון איין מענטשן טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן; פאַריערס האָבן ליב צו „קריטיקירן" אַ צווייטן פּאַריערס מלאכה. גיי צו צו די אמתע „בייערס" און שעם זיך ניט. האָסט סחורה צו פאַרקויפן.

אמתע „בייערס" זיינען געווען בלויז צוויי, וועלכע פלעגן די סחורה קויפן. דאָס זיינען געווען מאַנופעקטשורערס פון מענער־מאַנטלען, אונטערגעשלאָגן מיט פוטער, אַרבל אָבער, פלעגט מען נוצן פון „פּאָניע־פּיסעס".

מיט קיין גוואַלדיקן מוט בין איך שוין ניט אַרויסגעגאַנגען מיט מיין סחורה. צוריקגעקומען אָבער פון די „בייערס" בין איך שוין געווען אינגאַנצן אַ דערשלאָגענער...

דער ערשטער פון די צוויי סוחרים־מאַנופעקטשורערס האָט קיין סך טענות מיט מיר ניט געמאַכט. ווי נאָר ער האָט דערזען די ערשטע פּאָר אַרבל, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן מיט אַ פּאָר אָנגעשטרענגטע אויגן אַריבער זיינע ברילן:

— זיי זיינען אַלע אַזוינע? אויב אַזוי מעגסטו גלייך צוגיין צום ריווער און זיי אַריינוואַרפן...

דער צווייטער ייד איז שוין ניט געווען אַזוי גרויזאַם־קאַלט. ער האָט שוין איבערגעקוקט די גאַנצע סחורה וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך און איז געקומען צום באַשלוס: — אַז יעדער גאַרבישט וויל ווערן אַ מאַנופעקטשורער!

— ס'קאָן זיין, אַז דער ייד איז טאַקע געווען גערעכט — דאָס האָט הערש מענדל געמיינט דעם יידן, וואָס האָדעוועט אַ ווייב מיט זעקס קינדער. — מע וואָלט טאַקע, אפשר . . .

ביי הערש מענדלען איז נאָך געווען אַ אפשר, צי מ'האָט באַ־

דאַרפט מאַכן יעדן קאַליר באַזונדער. — אָבער—האָט ער מיך גע־טרייסט — מע מוז אַמאָל באַצאָלן רבי־געלט.

דאָס וואָס איך האָב שוין באַצאָלט רבי־געלט, האַרט מיך ניט. מיך האַרט נאָר, וואָס איך קאָן ניט באַצאָלן מיין מיסעס קיין „רענט". איך קום איר שוין פאַר אַ חודש דירה־געלט.

— זייט וואַרטן — האָט מיך הערש מענדל פאַרזיכערט. — אַלע „באָרדערס" צאָלן עס רענט אין צייט?...

איך האָב געזען, אַז מיט הערש מענדלס טרייסט־ווערטער וועל איך ווייט ניט אַוועקגיין, בין איך אַריין צום יידן, מיין שכן, וואָס האָט זיך אַרויסגעצייגט צו זיי ניט נאָר אַ קריטיקער פון מיין מלאָכה נאָר אַ ווייסער אויך. ער האָט געוואוסט וואָס ער האָט גערעדט, אַז מען דאַרף האָבן אַ משוגענעם קונה פאַר איר. אָבער אויך ער האָט פאַר מיר קיין גוטע עצה ניט געהאַט, חוץ אַז איך זאָל מיר קויפן אַ פּריש ביסל סחורה און ער וועט מיר ווייזן ווי אַזוי דאָס צו מאַכן. עס האָט זיך גראָדע אַרויסגעצייגט, אַז ער האָט קיין מורא ניט געהאַט פאַר מיין „קאָנקורענץ", ווי הערש מענדל האָט געמיינט.

אָבער אַזוי ווי קיין געלט האָב איך ניט געהאַט, האָב איך דערווייל דעם יידנס עצה אַרייננעלייגט אין מיין ליידיקער קעשענע... און אַליין זיך גענומען באַשעפטיקן מיט דעם אָנגעווייטאגטן ענין, וואָס האָט געהייסן: „רום־רענט".



# פרישע לופט

## אַ גוטע נאַכט.

— אויב האַלטן באָרדערס? וויל איך אַזעלכע, וואָס צאָלן רענט! אומזיסטיקע באָרדערס, קאָן איך זיך באַגיין אָן זיי!

דאָס האָט מיר מיין מיסעס געענטפערט, ווען איך האָב זיך באַקלאָגט פאַר איר, אַז די סחורה מיינע וואָס איך האָב „אַנגעמאַנופעקטשורט" האָט גאָרניט די ווערט... אויף איר גערעכטער טענה, אַז זי קאָן זיך באַגיין אָן אומזיסטיקע באָרדערס, האָב איך איר גלייך געגעבן אַן ענטפער: אַזוי גיך ווי איך וועל זיך שטעלן אַרבעטן, וועל איך איר באַצאָלן וואָס איך קום איר.

איך האָב איינגעפּאַקט מיין אַלטן אנצוג, אַ פּאָר אַלטע העמדער און נאָך אַ פּאָר קלייניקייטן און געזאָגט אַ גוטע נאַכט!

— — — — — — — — — — — — — —

## אַ „ק אַ ט"

מיין שכן האָט דערשמעקט, אַז עס רודערט זיך ביי מיר עפּעס צו פּרי אין „שאָפּקע", איז ער אינדערפרי אַריינגעקומען און באַמערקט, אַז איך בין דאָרטן געשלאָפן, האָט ער מיר געזאָגט:

— וואָס דאַרפסטו זיך מוטשען אויף די האַרטע ברעטער? ביי מיר אין „אָפיס" (ער האָט געהאַט אַ שטיקל אָפּיסל פון פּאָרנט פון זיין שאָפּ) שטייט אַ „קאַט" אויף וועלכן איך לייג זיך אַמאָל צו בייטאָג, קאָנסטו שלאָפן אויף אים.

איך האָב זיך ניט געלאָזט בעטן, ווייל עס האָט שוין געהאַלטן ביי דעם אָנהויב פון אַ נייעם חודש. אויף צו באַצאָלן פאַר נאָך אַ מאָנאַט רענט. האָב איך סייווי ניט געהאַט, האָב איך גלייך אַרונטערגערוקט מיין רענצל אונטערן „קאַט" ביי אים אין אָפיס.

פאַר זיין גוטסקייט צו מיר האָב איך אים געגעבן די נאָגל־ברעטלעך אַ מתנה; בין צוגעגאַנגען צום מאַן פון דער מאַשין און

געהייסן אויך זי אַרויסנעמען. ביי הערש מענדלען האָב איך אַוועק־געלייגט מיין סחורה. קאָן זיין אַז זי ליגט נאָך ביי אים ערגעץ... דעם לענדלאָרד האָב איך אָפּגעגעבן דעם שליסל — און אַזוי איז צערונען געוואָרן דער ערשטער חלום מיינער, וואָס מיין פעטער הערש מענדל האָט פאַר מיר אויסגעחלומט — מיט אַ פאַרלוסט פון אַכצן אַמעריקאַנער דאלערס.

## פרישע לופט

קיין זאַך האָט מיר אַזוי ניט געפעלט ווי פרישע לופט . . .

כאָטש איך האָב ניט געאַרבעט און קיין געלט האָב איך ניט געהאַט, אָבער געהונגערט האָב איך ניט; צום עסן האָט מיר ניט געפעלט.

איך האָב שוין געפונען וועגן און מיטלען ווי אַזוי אָנצוועסן זיך אין אַ „סאַלון״, ווען אפילו איך האָב קיין „ניקל״ אין קעשענע פאַר קיין גלאָז ביר ניט געהאַט, ווייל ניט אַלע ב י ר ־ טרינקער האָבן דאָך אויסגענוצט זייער „פרי לאָנטש.״

טרינקער אין אַלגעמיין זיינען דאָך שמייכלענדיקע מענטשן, פלעג איך אויך שמייכלען צו זיי, און צו יעדער גלאָז ביר צוגעטראָגן אַ פרישע פּאָרציע „לאָנטש״. — ער האָט געטרונקען און איך האָב געגעסן — און פאַר מיין אויפמערקזאַמקייט צו אים פלעגט אָפּט אַ טרונקער מיך מכבד זיין מיט אַ גלאָז ביר אויך. . .

אין „אָפּיסל״ וואו איך בין געשלאָפן, איז קיין פענצטער נישט געווען. אין שאַפּ זיינען גראדע יאָ געווען אַ פּאָר שמוציקע פענצטער, אָבער דער ייד וואָס האָט פון „פּאָר־פּיסעס״ באַדאַרפט מפרנס זיין אַ ווייב מיט זעקס קינדער, האָט שטאַרק געציטערט פאַר אַ פאַרקילונג, פלעגט ער די פענצטער קיינמאָל ניט עפענען. אויף ביינאַכט פלעגט ער דעם שאַפּ פאַרשליסן אויף צ וו יי שלעסער. בלויז דעם אָ פּ י ס זיינעם האָט ער געלאָזט אויף הפקר פאַר מיר. אָבער לופט איז דאָרט ניט געווען הפקר, פלעג איך ממש דערשטיקט ווערן.

לופט איז געוואָרן ביי מיר אַזאַ אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם, אַז ווען עמיצער פון דער משפחה פלעגט מיך אַ פרעג טאָן: — וואָס טוסטו, שלמה? איז מיין ענטפער שטענדיק געווען:

— איך שפּאַציר און שעפּ פרישע לופט.

* * *

אָפּגעלעבט האָב איך ערשט, ווען עס איז געוואָרן וואַרעמער אין דרויסן און איך האָב זיך געקאָנט אַרויפּציען אויפן „רוף" (דאַך).

דער „רוף" איז געווען הפקר, פונקט ווי די ניו־יאָרקער לופט דאַן אויף דער „איסט־סייד" — ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן האָט זיך נוקם געווען אין איר: ווער מיט פאַרפוילטען „גאַרבעדזש" וואָס מען פלעגט וואַרפן פון פינפטן אָדער זעקסטן גאָרן אַרונטער, ווער מיט שמוציקע פּאַמויניצעס, און ווער מיט עפּעס נאָך ערגערס . . . אויב ער אָדער אַ קינד האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אין „נעקסט" צום „קלאָזעט" (טוילעט) . .

## דער „רוף"

ניט נאָר אַ „הפקר־דאַך" איז דער „רוף" געווען פאַר דעם וואָס האָט ניט געהאַט קיין געלט צו צאָלן פאַר אַ קוואַרטיר — עס איז אויך געווען דאָס אָרט פאַר אַלע איינוואוינער פון „טענעמענט־הויז" צו גע־ניסן אַביסל אָפּקילעכטס פון די הייסע זומער טעג און כאַפּן אַביסל פרישע לופט אין די שטיקנדיקע נעכט . . . און בשעת כאַפּן דאָס ביסל פרישע לופט, פלעגט מען שוין אויך די שפּראַך דורכלופטערן, און ניט איין „מיסעס" האָט זיך באַקלאָגט אויף דער צווייטער: — אַזאַ פּאַסקוד־סטווע, האָט אַזוי לאַנג זיך געלאַשטשעט צו מיין „באָרדער" ביז זי האָט אים אַריבערגענומען צו זיך. און איצט שטייט ביי מיר אַ „רום" ליידיק.

— איך האָב דען ניט געוואוסט, אַז דער אויסוואָרף וועט אַנטלויפן מיטן „באָרדער"? . . .

אָט־די „מיסעס־באָרדער" טראַגעדיעס זיינען אין יענע יאָרן געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, און דער „רוף" האָט אַ גאָר שטאַר־

קע ראַלע געשפּילט אין די טראַגעדיעס.. די פּרויען פּלעגן ליגן און פרייכן פון היץ, צעכראַסטעטע און צעפלאָסענע . . . די מענער — אויסגעטאָן ביז צום הינטערשטן העמדל, מיט מוסקוליסטישע אָרעמס, וואָס האָבן גערייצט די אַפּעטיטן. . .

אָבער אויך ניט ווייניק גאָטס געבענטשטע שידוכים זיינען אויף די איסט־סיידער „רופס" געשלאָסן געוואָרן. אַלע באָרדערס און באַר־דערקעס פון טענעמענט־הויז, וועלכע זיינען געווען גאָר גרויס אין צאָל, ווייל אין יעדן „פלעט" האָבן געוואוינט צוויי אָדער דריי באָרדערס, איז אַז זיי פלעגן זיך אַרויפכאַפּן אויפן רוף, האָבן זיך די ייִנגערע בחורים און מיידלעך זיך אויסגעזעצט אין אַ רעדל און מ'איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געזאַנג.

דאָס ייִדישע פאָלקס־ליד איז נאָך ניט געווען אין דער מאָדע — איבערהויפּט האָט מען דאָן זיך ווייניק געצאַצקעט מיטן ייִדיש. . ווער עס האָט נאָר געקאָנט אַרויסריידן אַ פּאָר ווערטער אין רוסיש האָט „געקניאַקט" אויף „ר ו ס ע ס"... האָט מען געזונגען רוסישע ראָמאַנסן און אוקראַאינישע פאָלקס־לידער.

איין ייִדיש ליד איז גראָדע יאָ געווען דאָן פּאָפּולער, דאָס ליד האָט געהייסן:

„זומער ביינאַכט אויף די דעכער"

דאָס זינגען אויפן „רוף" האָט געוואָרעמט די הערצער און צוזאַמענ־געשמאָלצן פאַרלעך פאַר דער חופה . . .

* * *

איך בין נאָך געווען צו יונג אויף צו טוליען זיך צו די „רעדלעך". דערצו בין איך דאָך אַ בוקאָווינער און קיין רוסיש ניט געקאָנט; מיט קיין שטימע צום זינגען האָט מיך גאָט אויך ניט געבענטשט, איז אַז איך פלעג זען, אַז דער עולם—אָנשטאָט זיך אָפּצוקילן, האָט זיך גאָר צע־וואָרעמט.. פלעג איך מיר איינשלאָפן אונטער די אָפּגעריסענע טענער וואָס האָבן זיך נאָך געטראָגן פון דאָ און דאָרטן.

פון ליפּן וועלכע האָבן זייער זיווג אויפן דאַך ניט געקראָגן, האָט זיך איין אָפּגעריסן געזאַנג אין דער פינצטערניש געטראָגן.

— — — — — — — — — — — — — —

# אַ קאָנקורענט

— נו האָסט שוין געמאַכט פינף־און־צוואַנציק דאָלער אַ טאָג ? — האָט מיך מיינער אַ„קאָמפּעטיטאָר“ אַ פרעג געטאָן און זיך געווישט דעם שווייס פון זיין פּנים, ווייל עס איז געווען אַ שטאַרק הייסער טאָג.

דאָס איז געווען אַן עלטערער ייד, וועלעכער האָט קאָם געשלעפּט די פיס און דערזעענדיק מיך שטיין אויפן ראָג מיט מיין פאָטאָגראַפישער מאַשינקע און גריזשען אַ „סוויט־קאָרן“ איז ער צוגעקומען זיך אויס־ריידן דאָס האַרץ אַביסל. ער האָט אויך געטראָגן אַ מאַשינקע אויף צו נעמען בילדער און איז שוין געווען מיד פון שרייען: „העוו יור פיקטשור טייקען“ (לאָמיר אַ בילד פון אייך נעמען)!

— — — — — — — — — — — — — —

ביי מיין פעטער פיניע בין איך ניט געווען אין שאַפּ זינט דעם אינצידענט פסח צום סדר. ער איז דאָך שוין געווען פאַרהייראַט. האָט ער איינגעלאַדן מיך און זיין ברודער איציק צום סדר.

ווען מ׳האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש, איז אָנשטאָט צו זאָגן די הגדה, האָט פיניע גענומען מוסרן מיך מיט איציקן: איציקן, ווייל ער „ספּענט“ יעדע פּעני וואָס ער פאַרדינט אויף „גוד־טיימס“, און מיך — ווייל איך האָב צוליב מיין גרויס מויל פאַרלוירן אַזאַ גוטן דזשאָב.

— וועסט דאָך ווערן אַ „באָם“ ווי דו פירסט זיך אויף ! . .

דאָס וואָרט „באָם“ האָט מיך געגעבן אַ טראָג אונטער, האָב איך אַ וואָרף געטאָן דעם לעפל און בין אַרויס פון שטוב.

— — — — — — — — — — — — — —

אַ פאַרשעמטער בין איך אַרויפגעגאַנגען צו פיניען אין שאַפּ. דאָס איז געווען אַ פּאָר חדשים נאָכן אינצידענט. ער האָט באַפוילן דורך הערש מענדלען אַז איך זאָל אַרויפקומען צו אים — ער וויל מיך זען און אַז ער האָט אַ בריוו צו מיר פון מיין טאַטן.

פיניע האָט מיך אויפגענומען זייער פריינדלעך, ווי גלייך עס איז צווישן מיר און אים גאָרנישט געווען.

— וואָס מאַכסטו, שלמה?
— וואָס זאָל איך מאַכן? איך שפּאַציר אַרום און שעפּ פרישע לופט.
— אַ לופט־מענטש געוואָרן. דיין טאַטע וויל טאַקע וויסן צי די אַמעריקאַנער לופט האָט דיך אַזוי פאַרשיכורט, אַז דו האָסט פאַרגעסן אין דער טויטערישער לופט און איך טאַטע־מאַמע?

דער בריוו איז ניט געווען צו מיר נאָר צו אים. מיינע עלטערן האָבן געוואָלט וויסן וואָרום איך האָב זיי אַזוי לאַנג ניט געשריבן.

די ערשטע עטלעכע דאָלער וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט פון מיין „אָווערטיים" האָב איך אַוועקגעשיקט אַהיים און געשריבן אַז איך קלייב זיך צו פאָרן צוריק. האָב איך געקראָגן אַן ענטפער פון מיין טאַטן, אַז דערווייל איז נישטאָ צו וואָס צוריקצוקומען. די צייט האָט באַוויזן אַז מיין טאַטע איז געווען גערעכט, אַז ס'איז טאַקע ניט געווען צוליב וואָס צו פאָרן צוריק קיין טויטעריס. אויפן אָרט אָבער, האָט דאָס מיך שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב פאַר אַ לענגערער צייט ניט געשריבן. איבערהויפּט נאָכדעם ווען איך האָב שוין לאַנג קיין דזשאָב ניט געהאַט.

— איך וויל ניט וויסן קיין תירוצים, שלמה — האָט מיר פּיניע געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט — זעץ זיך שוין אַנידער און שרייב אָן עטלעכע ווערטער דעם טאַטן. דאַרפסט אים קיין יסורים ניט פאַרשאַפן. און דערפאַר זאָג איך דיר צו אַז איך וועל אים גאָר ניט שרייבן וועגן...

פּיניעס צוזאָג אַז ער וועט גאָרניט שרייבן אַהיים וועגן מיין ביז איצטיקע האַנדלונג, האָט מיך געמאַכט זיך אַוועקזעצן צום שרייב־טיש און אָנשרייבן אַ בריוו.

וואָס איך האָב דאַן געשריבן געדענק איך נישט. איך געדענק אָבער יאָ, אַז דער בריוו איז געווען געשריבן מיט טרערן...

— — — — — — — — — — — — — —

— וואָס וועט זיין ווייטער? — האָט מיך פּיניע געפרעגט.
— ס'וועט זיך מסתמא באַלד אָנפאַנגען אַרבעט, וועל איך קריגן אַ דזשאָב, פּונקט ווי אַלע אָפּערייטערס וואָס גייען איצט אַרום ליידיק.

אויף מיין ענטפער האָט אַ „פּינישער״, וואָס האָט דאָס געהערט, זיך אָנגערופן: — בעסער זאָג דיין נאַפּאַטל, אַז ער וועט אַזוי גיך ניט קריגן קיין אַרבעט. איך בין מער ווי זיכער, אַז מאָרגן־איבערמאָרגן וועט מען רופן אַ סטרייק און דאָס וועט זיין אַ פאַרשלעפּטע קרענק.

— פּיניע, איך האָב אַ פּלאַן פאַר אים — האָט דער פּינישער ווייטער געזאָגט — זאָל ער זיך איינשאַפן אַ מאַשינקע וואָס מען נעמט „פּיקטשעס״ אין גאַס. מיינער אַ לאַנדסמאַן, אַ פּרעסער ביי „ניפּענטס״, האָט פאַראַיאָרן פאַרלוירן דעם דזשאַב; וואַרטן און טאָן גאָרנישט האָט ער נישט געוואָלט, האָט ער זיך איינגעהאַנדלט אַ מאַשינקע און געאַרבעט מיט איר אַ גאַנצן זומער. איצט, הער איך, איז ער שוין ווידער אַ פאָטאָגראַפּטשיק. ווייזט אויס אַז ער מאַכט דערביי ניט שלעכט.

— יאָ, מע אַדווערטייזט אין אַלע „פּייפּערס״ אַז מע קאָן דערביי מאַכן פינף־און־צוואַנציק דאָלער אַ טאָג — האָב איך געזאָגט.

— וואָס וואָלסטו געטאָן מיט אַזויפיל געלט? — האָט מיך פּיניע אַ פרעג געטאָן און צוגעגעבן: — דאָרט אויפן דעסק ליגט דער „פאָרווערטס״, זוך אָפּ דעם אַדווערטייזמענט, גיי צו און ווער געוואָר וויפיל געלט מ׳דאַרף דערפאַר.

פאַרן אַוועקגיין האָט ער מיר געגעבן צוויי דאָלער:

— קויף דיר אַ העמד. — מיין העמד איז טאַקע געווען אי קויטיק אי צוריסן.

— „מעיל״ דעם בריוו און נעם אַ „העיר־קאַט״.

— — — — — — — — — — — — — —

## "Have Your Pictures Taken!"

ווען מיין „קאָמפּעטיטער" פון די „העוו יור פּיקטשורס טייקען" ביזנעס איז צוגעקומען צו מיר, בין איך שוין געווען אַ פּאָר וואָכן אַ גאַסן־פאָטאָגראַפּטשיק. איך האָב זיך שוין געהאַט גענוג אָנגעשריען: „העוו יור פּיקטשורס טייקען", אָבער אַזוי ווי איך בין געווען שטאַרק פּאַרטיפּט אין מיין „סוויטקאַרן" האָב איך אים געלאָזט ריידן און געהערט האָט נעבעך דער ייד פּאַר פייער און פּאַר וואַסער:

— געהרגעט זאָלן זיי ווערן די ליגנערישע פּייפּערס. מע האַלט אין איין שרייבן אַז מע קאָן מע מאַכן פינף־און־צוואַנציק דאָלער אַ טאָג — און ווער וויל דאָס ניט מאַכן קיין גרינגגן פינף־און־צוואַנציקער? גייען שוין אַרום אין גאַס מער פאָטאָגראַפּטשיקעס ווי סע פּאַראַן בעלנים אויף צו „פּיקטשעווען" זיך. און אַז מע נעמט שוין אַ פּיקטשע פון אַ יידענע, איז אַז זי גיט אַ קוק אויפן בילדל, שטעלט זי אויף צוויי קעלבערנע אויגן אויף מיר און טוט מיך אַ פרעג: „מיסטער, דאָס בין איך?" ווי גלייך איך וואָלט זי אומגליקלעך געמאַכט! נאַרישע מענטשן, לעבן אַלע אין חלום און דענקען אַז זיי זיינען געוואַלדיקע שיינהייטן, נאָר מיין אַפּאַראַטל מאַכט זיי קאַליע דעם פּרצוף־פּנים?

— יאָ, דאָס האָב איך שוין אויך אויסגעפונען — האָב איך אים געזאָגט, ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיטן צעקייען דעם קאָטשען פון מיין „סוויטקאָרן". — מיט קינדער, זעט איר, איז דאָס שוין אַל־ראַיט: ווי אַזוי זיי שטעלן זיך אַוועק און וואָס פּאַר פאַרקנייטשטע פּנימער זיי זאָלן ניט מאַכן, איז תמיד גוט.

— יאָ, מיט קינדער איז דאָס אָבער בלויז זונטיק, ווען אַ פעטער, אַ מומע קומט וויזיטן און וואַרפט צו די קינדער אַ פּאָר פעניס. אינמיטן וואָך אָבער באַדאַרף מען ביים קינד בלויז אויסנאַרן די פעניע מיט וועל־כער עס לויפט אין „קענדי סטאָר". און אויסנאַרן האָב איך ניט ליב — האָט זיך דער ייד נעבעך באַקלאָגט.

דער קאָנקורענט מיינער האָט ווידער אָפּגעווישט דעם שוויס פון זיין פּנים. איילן זיך צו די ביזנעס איז נישט געווען וואָס. ווייניק

מענטשן זיינען געווען אויף דער גאַס צוליב דער שטאַרקער היץ. האָט ער ווייטער גערעדט:

— איך בין שוין אין די ביזנעס עטלעכע יאָר. און גאָט צו דאַנקען געמאַכט אַ שיין לעבן דערביי. ניט קיין פינף־און־צוואַנציק דאָלער אַ טאָג, ווי די „פייפּערס" שרייבן, נאָר דאָס איז געווען אַמאָל, נישט איצט, אי דאָס אויך ניט אין ניו־יאָרק, נאָר איך פלעג פאָרן אין קאָנטרי. דאָרט האָט מען געקאָנט כאַפּן אַ דאָים, פופצן סענט; האָט מען אויך גענומען אַ בילד פון אַ פאַרליבט פּאָרל, האָט מען געכאַפּט אַ קוואָדער. איצט איז דאָס געוואָרן אַ צדקה־ביזנעס. מע וואַרפט דיר צו אַ פּעני, צוויי, און אַז דו קריגסט אַ ניקל פילסטו ווי אַריינצעוואַרפן דאָס אין פושקע פאַר דעם חסד וואָס גאָט האָט דיר צוגעשיקט אַ גוטן קאַסטימער אַז ער אָדער זי האָט דיר דאָס בילד ניט געוואָרפן צוריק אין פּנים אַריין. מיינע פיס טוען מיר ווי, קאָן איך מער זיך ניט אַרומשלעפּן אין קאָנטרע. דו ביסט נאָך אָבער אַ יונג ייִנגל, פאָלג מיך, פאָר אַוועק אין דער קאַנטרי, דאָרט וועסטו בעסער פאַרדינען. לעבן אַלבאַני זיינען דאָ אַ סך שטעטלעך וואוהין מ'פאָרט פאַר וואַקיישאַן. עס זיינען דאָרטן דאָ ייִדישע פאַרמערס. מע גייט פאַמעלעך פון איין פאַרמער צום צווייטן. פאָר צו אין שטעטעלע נ ע ס אָ ו, וועסט דאָרטן האָבן גוט פרנסה.

— — — — — — — — — — — — — —

עס האָט פּלוצים אַ בלאָז געטאָן אַ ווינטעלע, האָט דער ייִד געכאַפּט זיין אַפּאַראַטל און זיך געלאָזט גיין צוריק:

— „ה ע ו ו י ו ר פּ י ק ט ש ו ר ס ט ײ ק ע ן!"

איך האָב זיך פאַרדרייט רעכטס:

— „ה ע ו ו י ו ר פּ י ק ט ש ו ר ס ט ײ ק ע ן!"

# אין קאָנטרע

— איר ווילט, וועל איך אייך נעמען אַ „פיקטשע״.

אַז איך מוז בייטן די ניו־יאָרקער מעטאָדע, האָב איך באַלד אויס־געפונען, ווי נאָר איך האָב באַטראַכטן די ערד פון שטעטעלע נ ע ס אָ ו, וואוהין מיין ניו־יאָרקער „קאָמפּעטיטאָר״ האָט מיך געראטן צו פאָרן.

דאָ אין נעסאָו איז געווען אַזוי שטיל און רואיק, אַז ווען איך וואָלט אָנגעפאַנגען שרייען: „העוו יור פיקטשורס טייקען״ וואָלט מען מיך אפשר געווען אַרעסטירט פאַר דאָס וואָס מען רופט „דיסטוירבינג די פּיעס.״ (שטערן די רו).

שטיל און רואיק האָב איך אָפּגעאַרבעט דעם טאָג אין שטעטעלע נעסאָו, וואו עס זיינען געווען אַ סך וואַקיישאַניקעס — אַממערסטנס ווייבער מיט קינדער.

האָב איך, ווי דער ענגלישער אויסדריק איז — „געשאָסן בילדער״ פון די פיין אויסגעפּאַשעטע ווייבער און קינדער.

דאָ איז דאָס שוין געווען אַ ניקל געשעפט — קיינע פּעניס.

אויף די מאַמעס זיינען געזעסן אין קאָנטרע אויף דער פאַשע. געגעסן און געטרונקען און צוגעקראָגן וואָג, ווי די מאָדע איז דאָן געווען. האָב איך פון זיי דאָ אין קאָנטרע אויך קיין נחת ניט געהאַט.

ווי נאָר זיי האָבן זיך דערזען אויפן בילדל וואָס איך האָב פון זיי גענומען, האָבן זיי געמאַכט אַ געוואַלד:

— אַזאַ פּיקטשע וועל איך שיקן מיין מאַן? וואָס בין איך, אַן אינדיאַנערין?

דאָ אין קאָנטרי האָב איך ניט געקאָנט האָבן די העזה וואָס אין ניו־יאָרק, זיי צו זאָגן, אַז זיי זאָלן האָבן טענות צו זייער טאַטע־מאַמע, אָבער ניט צו מיר. האָב איך זיי געזאָגט אויף אַ שיינעם אופן:—די נאַטור איז ווילד, ווערט מען אַליין אויך אַביסל פאַרווילדעוועט . . .

איין יידענע אָבער האָב איך אַריינגעזאָגט גוט, ווען זי האָט גענומען שרייען אויף מיר: — ביזט ניט קיין פאָטאָגראַפטשיק, ביזט אַ פאַרמער!

גיי בעסער פּאַשען קי, ניט חוזק מאַכן פון מענטשן! איך וועל דיר ניט באַצאָלן!

— שרייט ניט מיסעס — האָב איך איר געענטפערט — ווען איר וואָלט געהאַט הערנער, וואָלט איר שוין אויך אויסגעקוקט ווי אַ קו. אין קאָנטרע ווערט מען פעטער, אָבער ניט שענער!

* * *

איך האָב שוין שיער ניט געהאַט פאַרגעסן ווי אַזוי אַ לעבעדיק עוף קוקט אויס, אַ לעבעדיקע בהמה אָדער אַ פערד, ווייל פאַר די דריי יאָר וואָס איך האָב געוואוינט אין ניו־יאָרק האָב איך אויף אָרטשאַרד סטריט געזען בלויז געשחטענע עופות, געשונדענע קיה אָן קעפּ, אָן ווײדלען און אָן פיס, און אַלעס האָט אויסגעקוקט ווי „פעקטאָרי מייד״, ווי גלייך עס וואָלט קיין אָטעם אין זיך קיינמאָל ניט געהאַט.

אפילו די פערד וואָס האָבן געטופּעט צום טאַקט פון ניו־יאָרקער טומל, וואָס האָבן שוין גראדע יאָ געהאַט אָ ט ע ם אין זיך, האָבן מיט זייער גראָב־בייכיקייט שווער־פוסיקייט און אומגעלומפּערטן אויסזען, ווי די שווערע טראָק־וועגענער וואָס זיי האָבן געשלעפּט, האָבן אויך געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געווען „פעקטאָרי־מייד״, ווי גאַנץ ניו־יאָרק מיט איר שטאָל, גלאָז און אייזן.

דאָ אין נעסאָו האָב איך זיך דערפילט ווי איך וואָלט מגולגל געוואָרן צוריק אין טויטעריס מיט אירע בערג, בוימער, באַגראָזטע פעלדער און באַגרינטע גערטנער, און היימישע עופות, בהמות און חיות.

און טויטעריס האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט שוין אפילו אין שלאָף. די גאַנצע נאַכט האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט דער זיסער חלום: ווידער זיין אַ קינד, זיך טוליען צו דער מאַמען, זיין נאָענט דעם טאַטן, צו מיין שוועסטער רייזל און מיינע ברידער אַברהם און מאיר.

און ווי יעדער זיסער חלום ענדיקט זיך אַמאָל ביטערלעך — האָב איך זיך פלוצים דערפילט אַ ש ו ל ד י ק ע ר וואָס איך האָב ניט געהאַנדלט שיין קעגן מיין טאַטן — און אין דער מינוט איז אויסגע־וואַקסן פאַר מיר מיין פעטער פיניע מיט זיינע פעך־שוואַרצע אויגן,

וועלכע האָבן מיך דורכגענומען מיט אַ מאָדנער שטרייגקייט: — וואָס וועט זיין פון דיר? וועסט ווערן אַ  באָם! דיין טאַטע גרשון איז קראַנק! פאַרשאַף אים ניט קיין יסורים. — אַ  שוידער!!

איצט ווען איך שרייב די עראינערונגען בין איך נאָר וואָס געוואָר געוואָרן, אַז מיין פעטער פיניע האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. וויל איך צו זיין אָנדיינק פאַרצייכענען מיין מחילה: —

זיי מיר מוחל, פעטער  פיניע  מיינער, פאַר דעם צער און ווייטאג וואָס איך האָב דיר פאַרשאַפן דאָ אין אַמעריקע פונקט ווי מיין טאַטן אין טויטעריס.

נאָך מיין טאַטן ביזטו פאַר מיר געווען וואָס אַ טאַטע איז צו אַ זון. די  חרטה  קומט אין די שפּעטערע יאָרן, פאַר די זינד פון דער יוגנט־ייִנגלשקייט . . .

זיין מיר מוחל, פיניע . . . עהרע דיין אָנדענק!

— — — — — — — — — — — — — —



# אַ פאַרם-האַנט

גאַר פרי האָב איך זיך אויפגעהויבן פון מיין געלעגער אין נעסאו און גענומען שפּאַצירן מיט מיין אַפּאַראַטל צווישן די פאַרמערס. צו איין פאַרם בין איך צוגעקומען, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי פאַר אַן „אָוקשאַן“. עס זיינען געווען אָנגעשטעלט וועגעלעך, וועגענער און צעבראָכענע דראָזשקעס. אויפן הויף האָבן זיך געשפּילט אַ פּאָר פאַרניאַרעטע קינ־דערלעך.

איך האָב באַמערקט דעם פאַרמער ביים שטאַל, איינשפּאַנענדיק די פערד און וואָגן. האָב איך די קינדערלעך געשיקט צו זייער מאַמע נאָך ניקעלס אויף צו נעמען זיי בילדער, און אַליין האָב איך זיך געלאָזט גיין צום פאַרמער—אַ יידישער פאַרמער.

אויף מיין גוט־מאָרגן! האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ פאַרוואורף:

—אַ שיינער גוט־מאָרגן!? איך האָב שוין אַריינגעלייגט אַ טאָג אַרבעט און ביי דיר, בויטשיקל, איז ערשט „גוט־מאָרגן“!

דאָס וואָרט „בויטשיקל“ האָט געקלונגען ווי „בייטשיקל“ פון זיין שטאַרק־ליטווישער אויסשפּראַך.

די קינדערלעך זיינען באַלד אונטערגעלאָפן, אַז ער זאָל זיי געבן געלט פאַר בילדער.

—נישטאָ קיין געלט פאַר נאַרישקייטן, — האָט זיי דער ייד ברוגזלעך אָוועקגעטריבן.

—אַז איר וועט מיך לאָזן עסן קאַרשן פון בוים, וועל איך זיי נעמען אַ בילדל אומזיסט.

—קאַרשן קאָנסטו עסן וויפיל דו ווילסט. — ער האָט אַ טרייב געטאָן די פערד און איז אַוועקגעפאָרן.

— — — — — — — — — — — — — —

ווען דער פאַרמער איז צוריקגעקומען בין איך געלעגן אויפן גראָז. איך האָב זיך פשוט ניט געקאָנט רירן, אַזוי בין איך געווען אָנגעגעסן מיט קאַרשן.

ווען דער ייד האָט דערזען דאָסביימל אָן אַ סימן פון אַ קאַרש, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר נאָר, בוכעדעץ, וואָס האָסטו געטאָן מיט די קאַרשן?

— איר האָט דאָך מיר געהייסן עסן וויפיל איך וויל. . .

— ווערסט דאָך פּלאַצן!

— איך קום פון אַ דאָרף; אַז איך פלעג זיך אַמאָל צוכאַפּן צו אַ בוים קאַרשן, האָט שוין דער גוי ניט געהאַט וואָס אַרונטערצורייסן. . .

— אויב אַ יונגאַטש קאָן אַזוי פרעסן, באַדאַרף ער קאָנען אַרבעטן! וואָס איז דאָס פאַר אַ ביזנעס, אַז אַ יונגער בחור זאָל זיך אַרומשלעפּן מיט אַ מאַשינדל, אויסנאַרן ביי קינדער ניקלס! דאָס איז אַ ביזנעס פאַר אַן אַלטן יידן, אָבער ניט פאַר אַזאַ בחורעץ ווי דו. ס'איז דאָך אַ בזיון פאַר די גויים.

קראַנק ביזטו צו ווערן אַ פאַרמער? — רעדט ער ווייטער — איך האָב פאַר דיר אַ דזשאָב. ווערסט האָבן אַ געלעגער און עסן וועסטו ביי מיר דאָס וואָס מיר אַלע עסן, און איך וועל דיר געבן צען דאָלער אַ חודש מזומן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— דאָס איז סעמקע — האָט מיך זעליג פאַרגעשטעלט פאַר זיין ווייב: אַ יידענע מיט אַ פאַרזויערט פּנים און צוויי אויסגעוויינטע אויגן.

— איך האָב אים צוגענומען אַלס אַן אַרויסהעלפער, סערקע!

— דו באַדאַרפסט נאָר אַרויסהעלפער. . . אַי, זעליג!

— ער וועט אַכטונג געבן אויף די בהמות. סטיוו איז איצט שטאַרק פאַרנומען. מע דאַרף זיך שטעלן שניידן היי.

— אַנשטאָט צו האָבן צוויי לייטישע קי, האָסטו איינגעהאַנדלט פופצן פגירות. . באַדאַרף מען האָבן אַ העלפער!

— וואָס ווייסט אַ יידענע! לייג אַוועק דיינע זאַכן און מאַך זיך היימיש — האָט מיר זעליג געזאָגט און אָנגעוויזן וואו עס וועט זיין מיין געלעגער.

ביי סערקען איז אַרונטער אַביסל דאָס זוירקייט פון פנים און זי האָט מיר אָנגעוויזן וואו איך וועל זיצן ביים טיש צום עסן.

* * *

ווען איך האָב אָפּגעגעסן דעם ערשטן מאָלצייט ביי זעליגס טיש, האָב איך געפילט אַז זעליג האָט מיך ניט אָפּגענאַרט, ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז עסן וועל איך דאָס וואָס אַלע עסן ביים אים: פאַר־דאַרטע ברויט, פיצלעך הערינג און הייסע בולבעס געטונקען אין דער ראָפּע אָדער ראָסל פונם הערינג.

ביים טיש האָט מיך זעליג באַקאַנט מיט סטיוון, אַ גוי פון דער אַלטער היים, וואָס טוט די גאַנצע פאַרם־אַרבעט, און מיט יענקלען, אַן עלטערער בחור, וואָס איז געווען זיין שותף אין די „טשיקן ביזנעס."

* * *

דעם ערשטן באַגינען, פינף אַזייגער, האָט מיך זעליג געגעבן אַ טאַרע: — סעמקע, צו דער אַרבעט!

וואָס צו טאָן האָב איך שוין געוואוסט, ווייל זעליג האָט מיר געגעבן אַלע אינסטרוקציעס דעם פריערדיקן האַלבן טאָג, נאָכן אָנשטעלן מיך.

איך האָב אַרויפגעשלעפּט אויף זיך די פּאָר צעריסענע „אָווער־אָלס" און די אַלטע שיך, וואָס ער האָט מיר געגעבן אויף דערווייל, ביז איך וועל זיך איינהאַנדלען אייגענע פאַרמערשע טראַנטעס. ביך איך גלייך אַריין אין שטאַל, אָנגעוואָרפן פרישע היי אין די זשאַלעבעס — בהמות האָבן ליב צו קייען ווען מען מעלקט זיי — האָט מיר זעליג געזאָגט. איך האָב אַ פייף געטאָן צום הונט, ווי זעליג האָט מיך גע לערנט. דער הונט האָט שוין געוואוסט וואָס עס מיינט, איז ער מיט־געגאַנגען מיט מיר און געהאָלפן אַריינטרייבן די קי אין שטאַל. איך האָט געבראַכט דריי עמערס פון „אייז־הויז. סטיוו, זעליג און איך האָבן אויף בענקלעך זיך אַוועקגעזעצט מעלקן.

מיטן מעלקן איז מיר געגאַנגען פונקט ווי ביי מר. פריינדן ביים ערשטן רייס מיט די מופטעס. סטיוו מיט זעליגן זיינען פאַר־

טיק געוואָרן מיטן אויסמעלקן פיר אָדער פינף קי, יעדער, איידער איך האָב אַרויסגעצויגן דאָס ביסל מילך פון א י י ן מאָגערער קו.

זעליג אָבער האָט מיך געטרייסט, אַז עס וועט לאַנג ניט נעמען און איך וועל זיך אויסלערנען מעלקן . . .

אַזוי גיך ווי מ'איז פאַרטיק געוואָרן מיטן מעלקן, האָב איך גע־האָלפן אַריינטראָגן די עמערס מילך אין א י י ז ־ ה ו י ז, וואו מ'האָט די מילך אַריינגעגאָסן אין מילך־קאַנען. זעליג, מיין באַלעבאָס, האָט מיר געהייסן גוט אויסוואַשן די עמער, אַרויסטרייבן די קי צוריק אויף דער פאַשע און נאָכדעם אַריינקומען עסן איבערבייסן.

* * *

קום, סעמקע, העלף מיר אָנלאָדן אויפן וואָגן, האָט מיר מיין פאַר־מער באַלעבאָס, זעליג, אַ זאָג געטאָן באַלד נאָכן איבערבייסן — מי'ן פאָרן קיין אַ ל ב אַ נ י.

געלאָדן האָט מען עטלעכע בושעלס יונגע פּאָטייטאָס, אַביסל אוגערקעס, רעטעכלעך, ציבעלעס—אַלץ וואָס איך האָב געהאָלפן דעם ערשטן האַלבן טאָג אַרונטערנעמען פון גאָרטן.

אויך אַ שטייגל מיט אַ פּאָר האַלב־געפּגרטע עופות האָט יענקל, זעליגס שותף, צוגעטראָגן און געזאָגט: — איך האָף אַז זיי וועלן דער־לעבן אָנצוקומען קיין אָלבאַניע. מיר האָבן אויך אַרויפגעשטעלט די קאַנען מיט מילך, וועלכע ה'האָט באַדאַרפט אַרונטערנעמען די ערשטע ביי דער פּוטער־פאַבריק, און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן.

אין אָלבאַני האָט שוין זעליג געהאַט פּלעצער, וואו ער פלעגט פאַרקויפן זיינע פּראָדוקטן. בלויז מיט די האַלב־געפּגרטע עופות, וועל־כע האָבן גראַדע דערלעבט אָנצוקומען קיין אָלבאַניע, האָט ער געהאַט אַביסל שוועריקייטן, ביז ער האָט געקראָגן אַ גויאישן „בוטשער“, וועלכער האָט זיי אַרונטערגעדרייט די קעפּלעך איידער ער האָט נאָך באַצאָלט פאַר זיי.

פון דעם גויאישן בוטשער זיינען מיר צוגעפאָרן צו אַ יידישן בוטשער. זעליג האָט מיר געגעבן אַ פּאָר דאָלער, אַז איך זאָל זיך קויפן

אַ פּאָר „אָוועראָלס״ און אַ פּאָר פּאַרמער־שיך. און ווען איך בין צוריק־געקומען, האָט שוין זעליג געהאַט איינגעקויפטביים קצב פלייש אויף שבת; אין דער יידישער בעקעריי—צוויי זעקלעך אַלט־געבאַקענע ברויט און אין דער גראָסערי—אַ גאַנץ פעסעלע הערינג און אַנדערע קליינינקייטן.

פּאָרנדיק נאָך איבער דער שטאָט, האָט זעליג מיר דערציילט וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע מציאה ער האָט געכאַפּט אינם פעסעלע הערינג:

— אַי, סעמקע, אַז מע טונקט איין אַ שטיקל פאַרדאַרטע ברויט אין דער ראָפּע, דאָס זאַלץ־וואַסער פונם הערינג, איז דאָס אַ מאכל; ווערסט שוין געוואָר ווערן . . . די צוויי זעק ברויט קאָסט מיך איינ־גאַנצן פופציק סענט און עס איז דאָ ברויט פאַר צוויי וואָכן צייט. אַלטע ברויט איז געזונט פאַר די ציין און געזונט פאַרן מאָגן . . .

זיצנדיק לעבן זעליגן און באַטראַכטנדיק די פּאַנאָראַמע אַרום, האָט דאָס מיר דערמאָנט אין יענעם טאָג ווען איך בין געפאָרן מיט מיין טאַטן אויפן וועגעלע צוריק פון זאַלישטשיק, פאַר מיין פאַרלאָזן מיין היים . . . און ווען זעליג האָט עפּעס צופעליק אַרויסגעלייגט זיין האַנט אויף זיין קעשענע, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט־אָט נעמט ער אַרויס אַ מעסערל און גיט דאָס מיר אַ מתנה, און טרערן וועלן נעמען פליסן פון זיינע אויגן און נעמען נעצן זיין געשוירן בערדל.

זעליג האָט לאַנג מיך ניט געלאָזט חלומען און גענומען ווידער ריידן:

— אַי איז דאָס אַ שלימזל, דער שותף מיינער, יאַנקל. איך האָב געדענקט, איך וועל מאַכן פון אים אַ טשיקן פאַרמער, טויג ער זיך ניט אויס. ער איז אַ שניידער פון דריים און אין אַמעריקע איז ער געוואָרן אַ קלאָוקס אָפּערייטאָר, האָט ער געוואָלט אַריינכאַפּן... געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט ביז ער איז קראַנק געוואָרן. איז ער געקומען דאָ קיין נ ע ס אַ ו כאַפּן פרישע לופט, און אפשר עפּעס געפינען פּרנסה.

— אָבער וואָס קאָן אַ אַ שניידער, אַ קלאָוקס אָפּערייטאָר, טאָן אין אַזאַ שטעטעלע ווי נעסאָו מיט אַ קליינע פּאָר טאָלער?

— יאַנקל איז מיינער אַ לאַנדסמאַן, האָב איך אים געראָטן צו

ווערן אַ „טשיקן־פאַרמער״. אַזוי ווי ביי מיר זיינען געשטאַנען ליידיקע געביידעס פאַר עופות, באַדאַרף מען בלויז אַ פּאָר טאָלער אויף צו קויפן הינדעלעך. האָט ער די פּאָר טאָלער אַריינגעלייגט. הינדעלעך האָט מען געקויפט, אָבער קיין נחת איז נישטאָ.

— ווי לאַנג איז שוין יאַנקל אין די „טשיקן־ביזנעס״? — האָב איך אים געפרעגט.

— דאָס איז דאָס ערשטע יאָר און איך האָב מורא אַז ס׳איז דאָס לעצטע. אַ שניידער בלייבט אַ שניידער — האָ־האָ!

די פערד האָבן זעליגן געפאָלגט און זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר פון זיין הויז.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען זעליג האָט מיר געזאָגט: — זאָרג ניט, סעמקע, וועסט זיך אויסלערנען מ ע ל ק ן — איז ער נישט געווען אויסן וועג. עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך האָב שוין אָנגעהויבן מעלקן די קי כמעט אַזוי שנעל ווי זעליג אַליין, און ווען סטיוו איז געוואָרן שטאַרק פאַר־נומען מיטן שניידן די תבואה פון די פעלדער, האָב איך מיט זעליגן געמאָלקן די קי אינדערפרי און פאַרנאַכט.

געאַרבעט האָב איך אַ גאַנצן טאָג, פּונקט ווי ביי פלאַקסמאַנען און פריינד, ווען עס פלעגט אָנגיין דער „מופטע־רעיס״. ווען איך פלעג פּאַרטיק ווערן מיטן מעלקן און די אַנדערע אַרבעט אַרום די קי, פלעג איך לויפן צו סטיוון אין פעלד אָדער אין גאָרטן אים העלפן.

סטיוו פלעגט זאָגן: — סעמקע, ביזט אַ גוטע פאַרם־האַנט, אַ גוטער אַרויסהעלפער, הייסט דאָס. — זעליג אָבער — פלעגט ער צוגעבן — איז ניט קיין פאַרמער, ער איז אַ הענדלער. ער האָט, ווייזט אויס, ניט געוואָלט זאָגן „פעדלער״: — טוט האַלבע אַרבעט, און אויף אַ פאַרם, אַז מ׳טוט האַלבע אַרבעט איז נישטאָ וואָס צו שניידן. ער וויל מאַכן געלט פון אַלטע בהמות, בלינדע פערד און צעבראָכענע וועגעלעך; צו וואָס־זשע באַדאַרף ער אַ פאַרם?

איך פלעג זיך אויך אַריינכאַפּן אַמאָל צו יאַנקלען, זעליגס שותף, אים טרייסטן, אַז ניט אַלע הינער וועלן דאָך אויספּגרן.

— סעמקע, פלעגט ער זאָגן — אָבער צי וועלן די הינער וואָס וועלן בלייבן לעבן, וועלן ווען ס'ניט איז לייגן אַן אײ?

עס האָט אויסגעקוקט, אַז די גרעסטע אַמביציע אין זיין לעבן איז געווען: צו זעען ווי זיינע אַן אייגענע הון וועט אים לייגן אַן איי...

— — — — — — — — — — — — — —

די אַרבעט אויפן פאַרם האָב איך שטאַרק ליב געהאַט, האָט מיך נישט געאַרט וואָס איך פלעג אַרבעטן פון פינף פאַרטאָג ביז זונען־אונטערגאַנג.

איך האָב זיך דערפילט ווי אַ טויטעריסער גוטבאַזיצער מיט אייגענע קי, אַן אייגענעם גוי מיט אַן אייגענעם פריץ, וועלכן מ'זעט קיינמאָל נישט אַן, ווייל זעליקן האָט מען אַ גאַנצן טאָג אויפן פאַרם ניט אָנגעקוקט. בלויז פון איין זאַך האָב איך געליטן דאָרטן און דאָס איז געווען פון זעליגס הערינג, מיט וועלכן מ'האָט אונדז גע־האָדעוועט כמעט צוויי מאָל אַ טאָג. בין איך שטענדיק געווען דאָרשטיק, און וויפיל וואַסער איך האָב אין זיך ניט אַריינגעגאָסן, האָט דאָס מיין דאָרשט ניט געשטילט, איבערהויפּט אינדערפרי

אין פרימאָרגן בשעתן מעלקן האָט מיר גענומען שטאַרק טרוקענען אין מויל און דאָרשטן. האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר וועט פרישע וואַרעמע מילך פון דער קו שטילן מיין דאָרשט. מיט וואָס צו שעפּן מילך האָב איך ניט געהאַט, האָב איך מיט אַ שטרוי גענו־מען זופּן די פרישע מילך פון דעם עמער; געמאָלקן און געזופּט.

איך ביק געווען אַזוי פאַרטיפט אין מיין אויפטו, אַז איך האָב גאָרניט באַמערקט ווען זעליג איז אַריינגעקומען אין שטאַל.

ווען זעליג האָט דאָס דערזען האָט ער געגעבן אַ געשריי: — דו פאַסקודנער גאַליציאַנער גנב! דאָס איז גנבה און אַ גנב האָב איך פיינט! נעם דיינע שמאַטעס און פאַרנעם זיך פון מיין פאַרם!

— — — — — — — — — — — — — —

איך בין שוין אין שטוב אַרייַן ניט געגאַנגען נאָר געלאָפן, און זעליג איז מיר נאָכגעגאַנגען, און ווייל איך האָב געהאַלטן אין אַראָפּ־וואַרפן פון זיך די אָווערראָלס מיט די פאַרמערשע שיך און אָנטאָן צוריק

מיינע שטאָטישע בגדים, האָט זעליג דערוויל דערציילט סערקען פון דעם גרויסן אומגליק וואָס אים האָט געטראָפן:

— אַריינגענומען אַ גאַליציאַנער גנב אין שטוב אַריין. . .

אָנשטאָט אָבער סערקע זאָל אָנפאַלן אויף מיר מיט איר קוויטשעדיק קולכל, ווי איך האָב דערוואַרטעט, איז זי גאָר אָנגעפאַלן אויף זעליקן:

— אַ מצוה אויף דיר! ווען דו וואָלסט בעסער אַליין אַכטונג געגעבן אויפן פאַרם און זיך ניט פאַרלאָזן אויף פרעמדע הענט, וואָס זאָלן אויסזופן דאָס ביסל מילך, וואָס איך וואָלט געקאָנט בעסער נוצן פאַר די קינדער, ברענגסטו אַלעמאָל נייע אַרויסהעלפער און פרישע שותפים.

— — — — — — — — — — — — — —

סערקעס פאַרציע מוסר האָבן זעליגס צעהיצטקייט ניט געקילט, ווייל ווען איך בין אַרויס דורך דער הינטער טיר מיט מיין פאָטאָגראַפיש אַפּאַראַטל אונטערן אָרעם און מיינע קלייניקייטן אָנגעשטאָפּט אין די קעשענעס, איז ער אַרויס אויפן גאַנעק פון פאַרבט און מיר נאָכגעשריגן:

— גאַליציאַנער גנב! האָסט ניט די ווערט געהאַט דאָס זאַלץ־וואַסער פון הערינג וואָס דו האָסט אויסגעטונקען מיט מיין ברויט!

— — — — — — — — — — — — — —

מיין לידל: „העוו יור פיקטשורס טייקען", האָט מיך צוריקגעבראַכט קיין ניו־יאָרק.



וועז אַ מענטשן גייט גוט . . .
ווילט זיך אים — — —
האָב איך געוואָלט ווערן אַן אַקטיאָר!

✶ זעט דעם טעאַטער־פּאָסטער

# BOVIO HALL 201-203-205 Grand St. Hoboken.

| מיט מזל<br>גרויסע<br>ערעפעניגג<br>פיר דעם נייעם סיזאן<br>1914=1915 | אללע יודען<br>פון האבאקען<br>זיינען הטפלך איינגעלאדען צו דער<br>גרויסער ערעפעניגג<br>פיר דיזען סיזאן פון דער | מיט גליק<br>גרויסע<br>ערעפעניגג<br>פיר דעם נייעם סיזאן<br>1914=1915 |
|---|---|---|

# היברו עקטארס קאמפ.

וואס וועט שפיעלען יעדען פרייטאג נאכט א פארשטעלונג פון די בעסטע פיעסע' פון אונזער רעפארטואר.

קומט

און איבערצייגט אייך



קומט

און איבערצייגט אייך

סעם געלטנער, דירעקטאר

SAM GELTNER, Director

פרייטאג אבענד דעם 4־טען סעפטעמבער 1914

ווערט אויפגעפירט-די בעריכמטע פראכטפאלע פיעסע

# א מאמע'ס שולד

פון משה ריכטער

אויפגעפירט פאן פאלגענדע קינסטלער:

דאמען.

די גרעסטע יודישע סיברעטן און קינסטלערין

פריילין ראזא פערערבוש

די בערימטע דראמאטיסטין און מיטער ראליסטען

פריילין הענין קאמינסקי

און די יונגע קינסטלערין

פריילין פאלא פאגראט

הערדין:

דער בעריסמטר כאראקטער שוי־שפילער

מאררים נקאזער

דער פליבטערפאמער האלסט

סעם געלטנער

דער אנערקענטער ליעבהאבער

ראבערט הערשער

דער ניע געבאטענער קאמיקער

סעם גוטמאן

דער יוגענדליכער ליבהאבער

בענדושעמען גלאזאר

דער בעליבטער זינגער

הער מארגוליס

און דער בעליבטער ביףקאמיקער

הער בראנוויא

ווערטהעס פובליקום

פיעלע רעקלאמען איז ניט נויטיג

קומט און איבערצייגט אייך.

אנפאנג: 8.30 טיקעטס: 10, 15 און

קומט פריער וועט איהר גיין א היים פריער

באלד קומט: דאס מיידעל פאו דער וועהט, איין שטודיום דיא פרייע מדינה



**ABUNDANCE OF THE APPLE CROP** throughout Michigan's big orchard lands is typified by Geltner as he peers through the laden branches of a prize tree.

October 19, 1947 — DETROIT FREE FRESS-GRAPHIC

„רפדוני בתפוחים“ — שלמה געלטנער זעט זיך דאָ קוים אַרויס פון צווישן די צווייגן פון איינעם פון זיינע שווער־באַלאָדענע עפּל־ביימער.



Free Press Photos by Bert Emanuel.

**FROM FUR MERCHANT TO FRUIT FARMER — that's the story of 52 year old Samuel Geltner** whose 42 acres of land near Armada are devoted largely to growing apples. As the crop comes in, Geltner watches his mechanical apple polisher put a shine on 50 bushels an hour.



**AROMA OF RIPENED APPLES fills the sheds of Geltner's Rosehaven Orchards** as a wealth of fruit pours through the mechanical apple polisher. The machine removes last traces of chemical spray from the fruit and gives them the old "AA" (apple appeal).

GRAPHIC-DETROIT FREE PRESS—Sunday, October 19, 1947

שלמה געלטנער, זיין פרוי ראָוזע, און אַן ארויסהעלפער.

# מיינע יונגע און גרינע יאָרן



## אינהאַלט